№ 7.

צווייטער יאָהרגאַנג

יודישע

# פאָלקס-צייטונג

י״ד שבט תרס״ג. | פערלאַג „פאָלקס־בילדונג" וואַרשא. | 11 Februar 1903.



## 1903 אַבאָנעמענט אויף דעם נייעם יאָהר 1903

אויף דעם נייעם יאָהר געפינט זיך אין דעם פאָרטפעל פון אונזער רעדאַקציע פיעל אַרטיקלען פאַר אַלע אַבטהיילונגען פון אונזערע שטענדיגע מיטאַרבייטער:

י. דינעזאָהן; ד״ר ח. ד. הורוויץ; ד״ר י. ליאַקומאַוויטש; מ. ספּעקטאָר; ד. פּינסקי אונ שלום עליכם.

אויף דעם נייעם יאָהר גיט די „פאָלקס-צייטונג" איהרע יעהרליכע אַבאָנענטען א פּרעמיע:

**אַלע ווערק פון שלום עליכם** — מיט דעם בילד אונ ביאָגראַפיע פון מחבר — **4 בענדער**

**פאַר 1 רובל מיט פּאָרטאָ.**

די אַלע ווערק פון שלום עליכם זענען איבערגעקוקט אונ אויסגעבעסערט פון מחבר, דרוקען זיך מיט נייע שריפט, מיט נקודות אונ אויף גוט פּאַפּיער.

אַבאָנאַמענטס־פּרייז אונ אַדרעסע געפינט זיך אין אַנהויב פון יעדען נומער.

יודישע
# פאלקס-צייטונג
א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' איסצאהלען אין ראטען: ביים איסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 0 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהריליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ":
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

11 Februar 1903. Nr. 7. י"ד שבט תרס"ג.


## יודישער נצחון.

עס איז געוועזען א צייט, וואס אונזערע שונאים פלעגען יודען זידלען מיט גאנץ פראסטע און מאוס'ע ווערטער; למשל אז יודען געהען ארום ליידיג, טהון גאר ניט, זיי זוכען נאר גרינגע פרנסות, ווי צו זיין פאקטערס, פראצענטניקעס: דאס פאלק, צווישען וועלכע זיי וואהנען, ארבעט שווער און ביטער און די יודען, די פוסטע-פאסטניקעס, לעבען אויף זייער חשבון און ווי פיאווקעס זויגען זיי דאס פאלק.

פון דער צייט אבער ווען ביי יודען האט זיך אנגעהויבען די ציוניסטישע בעוועגונג, זייט מען האט אנגעהויבען פאהרען אויף קאנגרעסען, מען איז געווארען פאליטישע ציוניסטען און די „פוסטע-פאסטניקעס" האבען זיך אויף די קאנגרעסען אנגעהויבען אויפפיהרען מיט אלע קינצען ווי אין איין ענגלישען פארלאמענט, און דאס יודישע פאלק האט אנגעהויבען „אויפלעבען", זייט דענסטמאל האבען א טהייל פון די יודישע שונאים אויפגעהערט זידלען יודען מיט די בעקאנטע מאוס'ע ווערטער און זיי אויפגעהערט רופען „פוסטע-פאסטניקעס", נאר זיי האבען אנגעהויבען געוואלדעווען און שרייען אויף יודען מיט שענערע ווערטער אויף איין אנדער שטייגער: אז יודען זענען גבורים, גרויסע בריות און זענען מנצח גאנצע פעלקער, גאנצע לענדער, זיי נעהמען איין גאנצע שטעדט אהן כלי-זיין, אהן מלחמה-קאסטען און מיט פיעל בעסערע פאליטיקען און מיט וועניגער קרבנות ווי די ענגלענדער האבען איינגענומען טראנסוואל.

ווי די לעזער ווייסען, האט אין דער לעצטער צייט א רוסישע צייטונג ארויסגעלאזט א קלאגע, אז אין מיניסטעריום דעם אינערען קומט פאר א פראיעקט, אז מען זאל יודען אין רוסלאנד ערלויבען קויפען ערד ביז 30 דעסיאטין.

באלד דערנאך האבען איינינע צייטונגען אנגעהויבען שרייען, אז יודען האבען גענוג ערד אין דער „טשערטא" און בעארבייטען זי ניט. איין צייטונג האט זיך אזוי ווייט דערערדט, אז יודען האבען ניט נאר פיעל ערד אין דער „טשערטא", נאר אפילו אין טיעף רוסלאנד, וואו א יוד טאר ניט איבערנעכטיגען.

יודען דארף מען ניט ערלויבען קויפען ערד, ווייל זיי נעהמען זיך אליין.

דא ניט לאנג ברענגען ווידער די רוסישע צייטונגען א ידיעה, אז די שטאדט ריגא זאל אריינגעהן אין דער „טשערטא", דאס הייסט יודען זאלען מעגען דארטען וואהנען.

און ווידער האבען אונזערע שונאים אנגעהויבען ליארמען, אז יודען נעהמען איין גאנצע שטעדט.

א בעווייז ווי יודען זענען מנצח, ברענגט א פוילישע צייטונג, אז די שטאדט לאדז האבען יודען איינגענומען און צו ביסלעך-ווייז שטיפען זיי ארויס פון דארטען די פאליאקען מיט די דייטשען. די צייטונג ברענגט דערצו די דאזיגע בעווייזע: אין יאהר 1891 האבען פון די 1200 פירמעס, וועלכע האבען זיך דעמאלט געציילט אין לאדז, 605 פירמעס אדער 50 פראצענט געהערט צו די דייטשען, 436 אדער 33 פראצענט, צו יודען און 219 אדער 17 פראצענט, צו פאליאקען. גאר אנדערש זעהט אויס לאדז שפעטער מיט 10 יאהר, דאס הייסט אין 1901: פון 1680 פירמעס געהערען צו יודען 740 אדער 45 פראצענט, צו די דייטשען 630 אדער 37 פראצענט און צו די פאליאקען 310 אדער 18 פראצענט.

פון די לאדזער הייזער געהערען צו יודען 90 פראצענט און פון די הייזער וואס געפינען זיך אונטער דער שטאדט (פארשטאדטען) געהערען צו יודען 70 פראצענט.

און אזוי ווי איהר זעהט האבען זיך אין א צייט פון 10 יאהר די יודישע פירמעס אין לאדז פארמעהרט מיט 12 פראצענט, דייטשע האבען זיך פארקלענערט מיט 13 פראצענט און די פוילישע זענען געבליבען ביי דער אייגענער צאהל.

די לאדזער הייזער געהערען כמעט אין גאנצען צו יודען.

היינט האבען דען יודען ניט מנצח געוועזען די שטאדט לאדז?

נאר דער וואס קען דאס יודישע לעבען בכלל און ווער עס האט זיך צוגעקוקט אין די לעצטע 10 יאהר צו דעם יודישען לעבען אין לאדז בפרט, דער קאן זאגען, אז אך און וויי צו אזא נצחון.

דאס פארמעהרען זיך די צאהל פון יודישע געשעפטען (פירמעס) אין לאדז, נעהמט זיך דערפון, וואס אין דער „טשערטא" ווערד מען דערשטיקט פון גרויס ענגשאפט, לאזט מען זיך אוועק אין די געצעלטע גרעסערע שטעדט, וואו יודען מעגען וואהנען און דא ווערען זיי נאך מעהר, נאך גיכער דערשטיקט ווי אין די קלענערע ערטער.

די גרויסע צאהל פון די „פירמעס" זענען די צאהל פון די „פראמישלענע סווידעטעלסטוועס", פאר וועלכע יודען האבען איינגעצאהלט, דאס זענען דאס רוב די קלייטלעך, געוועלבלעך, קליינע פאבריקלעך מיט קאמיסיאנס־קאנטארען, וועלכע זענען געבויעט אויף שפינוועב. פון דעם ביסל געלד, וואס מען האט מיט געבראכט מיט זיך בעצאהלט מען פאר דער „סווידעטעלסטווע", פאר קלייט געלד אדער פאר דעם פלאץ צום קליינעם פאבריקל און עס געהט אוועק א יאהר, ניט דא מעהר קיין קרעמער, קיין פאבריקאנטל, אוים קאמיסיאניער. זיי ווערען אייביגע ארימע לייט און אויף זייער ארט קומען אן נייע און עפענען נייע „פירמעס" און געהען אויך דורך דעם דאזיגען גהינם, ביז זייערע פירמעס" ווערען ווי פערשרפ׳ט און די צאהל פון די יודישע ארימע לייט פערגרעסערט זיך אויף פיעל מעהר פראצענט ווי די יודישע „פירמעס".

די יודישע ארימע לייט האבען אין לאדז כלל גאר ניט וואס צו טהון, ווייל אין די גרויסע פאבריקען, אפילו אין די פאר יודישע, נעמט מען קיין יודישע ארבייטער ניט צו, און די גרויסע צאהל ארימע לייט בלייבט נאר איבער צו בעטלען וואו זיי קענען און די וואס קענען ניט בעטלעי שטארבען פאר הונגער אין דער שטיל, אז קיינער ווייסט אפילו ניט פון זיי.

אט אזוי שטעהט עס מיט די 4½ פראצענט יודישע „פירמעס" אין לאדז. פארקערט דער קלענערער פראצענט פירמעס, די דייטשע און די פוילישע ווערען וואס אמאל רייכער און זיי געוועלטיגען איבער דער שטאדט, זיי געהערט לאדז. נעמט די דארטיגע בערזע און זעהט ווער עס שטעהט אן דער שפיצע און אנדערע שטעדטישע אנשטאלטען, וועט מען זעהען אז יודען נאך זייער גרויסען פראצענט פירמעס, זענען די קלענסטע צאהל.

דער גרעסטער פראצענט פון אמת׳ע פירמעס מיט גוטע געשעפטען געהערט אין לאדז כלל ניט צו יודען (אויסער עטליכע געציילטע). זעהט איהר, די גרעסטע צאהל ארימע לייט, וועלכע האבען קיין פרנסות, קיין געשעפטען און ווייסען זיך ניט צו וואס צו נעהמען און מיט וואס וועט מען איבערלעבען דעם מארגענדיגען טאג — אט די גרעסטע צאהל אומגליקליכע געהער צו די יודען אין לאדז און זענען א סך מעהר ווי 4 פראצענט פון לאדזער איינוואהנער.

וואס עס געהער זיך אן צו דעם גרויסען פראצענט יודישע הייזער אין לאדז איז אויך בעוואוסט. אז דאס רוב יודישע הייזער זענען פארשולדיגט אין די בענק און אויף עטליכע היפאטעקען, אויף אזוי פיעל. אז ניט אומזוסט געהט ארום אין לאדז א ווערטל: „בעסער צו זיין א סטרוזש (א דווארניק) ביי א הויז ווי א בעל הבית פון א הויז".

פון דער גרויסער צאהל יודישע הייזער ווערען נאר רייך די בענק און די בעלי־הבתים פון די הייזער ארבייטען פאר זיי אזוי לאנג ביז דאס יודישע הויז ווערד פערקויפט סוף כל סוף „מיט דער פויק".

עס וויל זיך גלויבען, אז דאס וואס מען וויל ערלויבען יודען קויפען ערד אין גאנץ רוסלאנד און אויך פערברייטערן די „טשערטא" ווי מיט דער שטאדט ריגא, אז יודען זאלען דארטען מעגען וואהנען, איז ניט נאר גלאט א קלאנג פון א צייטונג, נאר עס האט אויך א גע־

# פעליעטאן.

## צעזייעט און צעשפרייט.

### בילדער פונ׳ם יודישען לעבען.

אין דריי אקטען

פון

### שלום-עליכם.

(פארטזעטצונג).

### צווייטער אקט.

(א שען אויסגעפוצטע זאל, גרויסע הויכע שפיגלען, א פארטעפיאנע, רייך מעבעל. מלכה זיצט ביי א קליין טישל, נעבען איהר פעסיל אויף איין עק בענקעל אין א טערקישען שאל. ווישט זיך די ליפען און רעדט ווייך ווי טייג און זיס ווי האניג).

### I-טע סצענע

(מלכה, און פעסיל).

מלכה. ווען הייסט עס קומסט דו אן, פעסיל ?

פעסיל. (מאלט ווי א מיהל) היינט טאקי אין דערפריה מיט באהן, אז אך און וועה מיין וועלט . . . העכער האלב וועג בין איך געפאהרען נאר אהן א בילעט. איך האב געוואלט נעמען א בילעט האט מען מיר געזאגט: צו וואס דארף איך נעמען א בילעט, אז איך קאן פאהרען אזוי אהן א בילעט ? זאג איך: וואס הייסט איך וועל פאהרען אהן א בילעט, טאמער קומט מען און מע הייסט זיך ווייזען א בילעט ? זאגט מען מיר: איהר קאנט אייך, געהן נעמען א בילעט אז איהר ווילט. נאר מע זאגט אייך אז ס׳איז ניט נייטיג קיין בילעט, צו וואס זאלט איהר ארויס ווארפען געלד אויף א בילעט ? זאג איך: איך וואלט נישט גענומען קיין בילעט, נאר איך האב מורא, טאמער פאהר איך אהן א בילעט וועט מען זיך הייסען ווייזען א בילעט, וואו וועל איך נעמען א בילעט ?

מלכה. (האקט זי איבער־אין־מיטען).

וואס זשע מאכט עפים דיין לייזער ? פארדיענט זיך עפים ?

פעסיל. אוי, אז אך און וועה מיין וועלט, וואס זאל ער מאכען? אז וואס מע טהוט, וואס מע טהוט איז שלים־מזל ? האט ער געקויפט הירזש איז געווארען וואלוועל הירזש, און אלע גאסען הירזש, אומעדום הירזש, וואו מע טהוט זיך אקעהר איז הירזש און הירזש. אפשר דארפט איהר הירזש, קויפט ביי מיר הירזש, נעמט צו ביי מיר די הירזש, הירזש־הירזש, הירזש־הירזש! „וואס האט דיר געטויגט, זא איך, הירזש ? זאלסט בעסער געווען קויפען עפים אנדערש ניט קיין הירזש" ! „וואס דען זאגט ער זאל איך קויפען אז ניט קיין הירזש ? מע בעדארף דאך עפים, זאגט ער, האנדלען" ! זאג איך: „קויף קארן, קויף

וויסען יסוד, ווארום די יודישע שלעכטע לאגע, וועלכע נעמט זיך איבערהויפט פון דער גרויסער ענגשאפט אין דער „טשערטא", זעהט זיך אין די לעצטע יאהרען צו פיעל ארוים פאר אלעמען

ניט נצחון זוכען יודען. ניט גבורות ווילען זיי בעווייזען, נאר זיי זוכען א מיטעל ווי צו לעבען אונ אזוינע מיטלען ווערען וואס א מאל וועניגער אין דער „טשערטא" דורך דער גרויסער ענגשאפט.

ס.

# א בריף אין דער רעדאקציע.

לויט דעם פארשלאג פון די חברים, וועלכע זענען געוועזען אויף דער אספה־כללית דעם 1- אקטאבער - 9 . האט דער אדעסער קאמיטעט פון דער „חברה צו אונטערשטיצונג יודישע ערדארבייטער אונ בעלי־מלאכות אין סוריא אונ ארץ ישראל" אויף זיין לעצטער זיצונג (13־טען ד. מ.) בעשלאסען: צו גרינדען א פאנד אויף דעם נאמען פון דעם גרינדער אונ דעם ערשטען פארזיצענדען פון דער חברה ד"ר ל. פינסקער ז"ל פאר שול- אונ ערציהונגס־צוועקען אין ארץ ישראל (школьно-воспитат. льный имени д-ра Л. С. Пинскера)

50 פראצענט פון די אלע נדבות, וואס מען וועט מנדב זיין פאר דעם פאנד, וועלען געהן אויף די שול- אונ ערציהונגס־הצטרכות, וואס דער קאמיטעט האט אין ארץ ישראל, אונ די איבריגע 50 פראצענט וועלען לעת־עתה בלייבען אונבעריהרט. ביז עס וועט איינטרעטען די מעגליכקייט צו גרינדען אין ארץ ישראל איינע וועלכע עס איז יודישע העכערע ערציהונגס־שולע. די נדבות אבער וועלכע וועלען צופליסען דעם קאמיטעט דוקא מיט דעם תנאי, זיי זאלען געברויכט ווערען פאר וועלכען עס איז יעצט אין ארץ ישראל בעפינדליכען שול- אונ ערציהונגס־צוועק אדער פאר דעם אונבעריהרטען חלק פון דעם נייעם פאנד, וועלען בענוצט ווערען לויט דעם וואונש פון די מנדבים.

זייענדיג מודיע דורך אייער געעהרטע צייטונג אלע חובבי ציון פון דעם בעשלוס אונ רעכענענדיג, אז דער נייער פאנד וועט א גרויסען ערפאלג האבען. האפט דער קאמיטעט, אז יעדער איינציגער חובב־ציון וועט אליין פערשטעהן, אז דער נייער פאנד בעדארף ניט גרויסרופען קיין פערקלענערונג אין די איבריגע הכנסות פון דער חברה. א פערקלענערונג אין די איבריגע הכנסות פון דער חברה צוליב דעם נייעם פאנד וואלט געוועזען א צו ביטערליכע ערשיינונג אונ עס וואלט, זעלבסטפערשטענדליך, שלעכט ווירקען אויף די איבריגע הצטרכות פון דער קאלאניזאציאן אין ארץ ישראל. אזא וויכטיגער ענין ווי דער נייער שול־פאנד מוז ביי יעדען חובב־ציון ארויסרופען נייע כחות, נייע אנשטרענגונג אונ ניט זיין אין קיין פאל א סבה דערצו, אז די איבריגע הכנסות פון דער חברה זאלען זיך פערקלענערען.

אדעסא, א' שבט תרס"ג.

אכטונגספאל

פארזיצענדער: אברהם גרינבערג.

סעקרעטער: צבי הירש הימעלפארב.

# ביי יענע גאזעטען.

פאר אונז ליגען איצטער שוין צעהן נומערען פון דער נייער זשארגאנישער צייטונג „דער פריינד". אין דעם ערשטען ארטיקעל פון נומער 1 זאגט „דער פריינד":

„מיר זענען זייער (זעהר?) ווייט דערפון, צופיעל מגזם זיין (פיעל מגזם?) די וויכטיגקייט פון אונזער אינטערנעהמונג. אבער מיר מיינען, דאס דער טאג, אין וועלכען עס נעהט ארויס צום ערשטען מאל א טעגליכע זשארגאנישע צייטונג אין רוסלאנד, וועט פערבלייבען לזכרון אין דער געשיכטע פון זשארגאן אונ פון זיין ליטעראטור".

---

גרויפען, קויף פאלאווע, אבי ניט קיין הירוש! מיינט איהר אז ער נעהט ניט אוועק אונ קויפט ניט קיין פאלאווע? פאלט דאך מסתמא פאלאווע, אז אך אונ וועה מיין וועלט, אין שאול תחתיה, קיינער וויל אין די הענט נישט נעמען קיין פאלאווע, חאטש נעם שיט אויס די פאלאווע אויפ'ן ווינט. „צו וואס האט דיר געטויגט זאג איך פאלאווע? וואס פאר א מסחר איז דאס פאלאווע?" זאגט ער: „האסט דאך אליין געזאגט פאלאווע!..." זאג איך: „איך האב דען געזאגט פאלאווע? די צרות מיינע האבען געזאגט פאלאווע," אז אך אונ וועה מיין וועלט!...

מלכה. נו אונ די קינדער דיינע וואס מאכען?

פעסיל. די קינדער, אז אך אונ וועה מיין וועלט? מאלט אייך ס'איז שוין ביי מיר איין מאל קינדער! קינדער צו קינדער זענען ניט גלייך! פאראן קינדער אונ סע פאראן קינדער. פאראן ביי לייטען קינדער, גאט זאל מיך ניט שטראפען פאר די רייד!... מיינע קינדער זענען ניט גלייך צו אנדערע קינדער; מע ווייסט נאר די שטוב אונ נאר די מאמע; די מאמע איז ביי זיי דאס חיות מיט דער נשמה; מאמע פאר וואס עסט דו ניט, מאמע פאר וואס טרינקסט דו נישט, מאמע—מאמע, מאמע,—מאמע...

מלכה. וויפיל קינדער האסט דו?

פעסיל. וויפיל קינדער איך האב, אז אך אונ וועה מיין וועלט? נישט צו פארזינדיגען, לאזען זיי מיר אלע זיין געזונד אונ שטארק. נישטא ביי מיר קיין איבעריגע חלילה. קיין איבעריגע קינדער איז ניט פאראן אין ערגיץ, ובפרט אזעלכע קינדער ווי ביי מיר, וואס ליידיג זיצט מען נישט, אלע ארבייטען, אלע הארעוועון, טאג ווי נאכט אין דער יאך, קיין עין הרע א סעמייסטווע, מע דארף דאס, מע דארף יענץ, מע דארף אהער, מע דארף אהין, אונ דארפען דארף מען נעגווג, נאך אמין דארפען, אוי דארף מען, אז אך אונ וועה מיין וועלט!... אט האלט איך איצט ביי חתונה מאכען די עלטערע טאכטער מיינע, סאסיל רופט מען זי, נאך דער מומע סאסי, איז דאס א סאסיל, מעגט איהר מיר גלויבען, אי א סאסיל, נישטא נאך אזא סאסיל אויף דער וועלט, ס'איז שוין איין מאל א סאסיל, א סאסיל פון גאט! נעמט זי, סאסיל הייסט עס, א חתן, פון חתן־לאנד, א חתן, חאטש א בעל־מלאכה, א זייגערמאכער, נאר א טאטענס א קינד, אונ א לייטיש קינד, אונ א וואהל קינד, אונ איין עהרליך קינד, אונ זיי האבען זיך ליב ביידע דאס חיות, אונ ער נעמט זי אזוי ווי זי שטעהט אונ געהט. אהן א קאפיקע נדן, ווארום ווער מיר נדן? וואס מיר נדן? אז איך ווייס ניט וואו וועל איך נעמען אויף מלבושים, אז אך אונ וועה מיין וועלט!... (עס קומט אן פלארא, זעהט נישט ווער ס'איז אין זאל.)

### II-טע סצענע

די זעלבע אונ פלארא.

פלארא. (שטעלט זיך אוועק אקעגען שפיגעל, שפינעלט זיך אונ פיסקעלט זיך אונ דרעהט זיך אונ זינגט אונטער דער נאז:)

א ניישא, ניישא,

און פון דעסטוועגען געפינט די צייטונג פאר נייטיג זיך פער־ענטפערן, פאר וואס זי איז א זשארגאנישע צייטונג:

„מיר האלטען אין גאנצען פאר איבריג זיך אבצושטעלען אויף די פראגען, צי דארף מען שרייבען אויף זשארגאן, צי דארף זיין א ליטעראטור אויף זשארגאן. דאס לעבען ווייסט ניט פון אזעלכע שאלות. מיליאנען פון אונזערע ברידער, וועלכע ריידען און טראכטען נאר אויף זשארגאן, וועלכע פערשטיין (פערשטעהען?) ניט קיין אנדער שפראך חוץ אידיש (חוץ זשארגאן?), זיי זוכען ניט קיין הכשרים און הסכמות פאר זייער שפראך און פרעגען ניט קיין היתרים אויף איהם ביי מחברים און פילא־זאפען (?!), זיי פיהלען, ווי נויטיג (נייטיג?) עס איז פאר זיי א טעגליכע צייטונג, וואס זאל זיי געבען אלע ענינים (וואס קומט פאר?) אין טעגליכען לעבען און ערקלערען די שאלות, וועלכע דאס טעגליכע לעבען רופט ביי זיי ארויס".

די צייטונג פערזיכערט, אז דאס יודישע לעבען האט זיך שטארק פערענדערט אין די לעצטע יאהרען, גאר אנדערש ווי אין די פריהערדיגע אלטע צייטען, דאס פאלק האט נייע ציעלען, דאס זעלבסט־בעוואוסט־זיין איז אומעטום ביי יודען שטארקער געווארען. פון דער פערענדערונג האפט די צייטונג אויף שענערע טעג, דאס פאלק הויבט אן צו פערשטעהן:

„אז א בעסער לעבען קאן נאר נעשאפען ווערען דורך ארבייט און דורך די ארבייט פון גאנצען פאלק, א פאלק קאן ניט ווארטען אויף ישועות פון אנדערע, א פאלק טאר זיך ניט פערלאזען אויף פרעמדע, אין איהם ליגט די קראפט זיך אליין צו העלפען".

די צייטונג קומט צו דעם שלוס, אז דעם פאלקס „זעלבסט־הילף" דארף קומען צו הילף זיין פאלקסליטעראטור, וועלכע רעדט מיט דעם לשון, וואס דאס פאלק פערשטעהט און דאס איז דער ציעל פון דעם „פריינד".

מיט דעם גאנצען הארצען ווינשען מיר די נייע יודישע צייטונג אויספיהרען דעם שווערען נאר דעם גוטען ציעל, וואס זי נעמט אויף זיך.

אויסער פאליטיק און טעגליכע נייעס מיט פיעל גרייזען און ניט פערשטענדליכע ווערטער פאר דעם פאלק. ווי דער שטייגער איז מיט יעדע נייע זשארגאנישע יודישע צייטונג, ביז מען געוויינט זיך צו איהר, געפינט זיך כמעט אין יעדער נומער אויסגעצייכענטע פעלי־עטאנען פון שלום עליכם, ביאליק, פרוג און לעווינסקי.

דער געשווארענער העברעאישער פעליעטאניסט האט זיך אזוי דערפרייט מיט דער זשארגאנישער צייטונג „דער פריינד" און עס האט אין איהם אנגעהויבען ברענען אזא העליש פייערדיגע ליבע צום זשארגאן, אז ער דערצעהלט, דאס ער לערנט זיינע קינדער ניט נאר רעדען זשארגאן, נאר אויך לייענען זשארגאן און ענדיגט זיין פעליע־טאן, אז ער פרייט זיך מיט דער זשארגאנישער צייטונג.

„לאזען יודען לייענען: פאליטיק, מלחמות געשיכטען, אייגענע און פרעמדע נייעס, אויף זייער אייגענעם לשון, איידער צו שעפען פון פרעמדע ברונימער... דען אייגענס איז דאך אייגענס און פרעמדס בלייבט פרעמדס".

דער געשווארענער העברעאישער שריפטשטעלער האט מיט איין מאל פיעל מעהר אויסגעזאגט ווי די פארברענטע געבראטענע זשארגאניסטען נאך קיין פערברענטער. זשארגאניסט האט קיין מאל ניט געזאגט, אז מען טאר זיך ניט לערנען ביי פרעמדע.

פארברענטע זשארגאניסטען זענען שטענדיג אין די גוטע און אין די שלעכטע צייטען געוועזען געטריי דעם זשארגאן, דאס הייסט אפילו דאן ווען קיין זשארגאנישע צייטונגען זענען אין רוסלאנד קיין איינציגע ניט געוועזען און א געוויסער טייל העברעאישער שריפטשטע־

---

פאי, פליאשי!
סקרעוואי פעטשאל
סוואיעיי ראושי!...

פעסיל. (הערט זיך איין, שאקעלט צו מיט'ן קאפ צום טאקט און קוועלט). ווער איז דאס? ס'איז ניט די עלטערע אייערע, די גרושה? איך האב זי כמעט ווי ניט דערקענט, אז אך און ווערה מיין וועלט!...

מלכה. פלארא, קום נאר אהער טאכטער, ווייסט ווער דאס איז?

פלארא. (געהט צו) קוקט אויף פעסלין ווילד.) פון וואנען זאל איך וויסען? איך בין א נביא'טע?

פעסיל. (חאפט זיך אויף) אט דאס איז אייער פלארעניו, לעבען זאל זי? האסט מיך ניט דערקענט? מיר האבען זיך ניט געזעהען, מאל דיר שוין אזוי גרויס אזוי קליין ווי א יאהר זעכצעהן אדער זיבעצעהן. איך בין דאך דיינס א פריינדל, איך קעהר דיר אן איין אייגענע א גליד־גליד געשוועסטערקינד. אז אך און ווערה מיין וועלט! וואס זשע מאכסט דו עפים פלארעטשקע?

פלארא. (שמייכעלט) וואס זאל איך מאכען? וואס מאכט איהר?

פעסיל. וואס איך מאך, אז אך און ווערה מיין וועלט? מע מאכט! אלץ הייסט נעמאכט! מאכען צו מאכען איז ניט גלייך. ס'זאל זיך לאזען מאכען וואלט מען געמאכט און געמאכט... (פלארא קוקט זי אן).

מלכה. דאס איז פעסיל, פעסיל דער מומע סאסים.

פלארא. וואסער פעסיל? וואסער מומע סאסי?

מלכה. די מאמע מיינע עליה־השלום האט געהאט א מומע סאסי, דער באבע חנה'ס א שוועסטער, איז דאס איהר'ס איין אייניקל.

פעסיל. איין אוראייניקל.

פלארא. סא נוטער משל; וואס זשע קעהר זי זיך אן מיט מיר? צו מיין מילכיג־טעפילס־הירזשענע־קאשע־א פליישינע־לעפעל?

פעסיל. חי—חי—חי! לעבען זאל זי!

פלארא. (צו זיך) נא דיר אזא מין קרובה! ניט אפ צו טרייבען זיך פון זיי אזוי ווי פון דו הונט! זינט מיר זיצען דא אין דער ראזינער שטאדט איז נאך ניט געוועזען דער טאג ס'זאל ניט קומען צו אונז א נייער שלים־מזל...

פעסיל. שלים—מזל זאגסט דו, פלארעניו, געזונד זאלסט דו זיין? ס'איז אידאי שלים—מזל; נאך א מין שלים—מזל! שלים—שלים—מזל! וואס זאל מען טהון, אז גאט וויל ניט געבען קיין מזל? און אהן מזל זאל מען גאר ניט געבוירען ווערען אויף דער וועלט! ווי זאגט ער: בעסער א לויט מזל איידער א פונט גאלד. איטליכער מענטש האט זיך זיין מזל, און אפילו א קינד, אז עס דארף געבוירען ווערען, ווערד דאס געבוירען מיט זיין מזל...

פלארא. (צו זיך) זי האט זיך עס אביסל צעמזל'ט! (צו דער מוטער) פאר וואס זאלסט דו זיי ניט געבען עפים איבער בייסען, טרינ־קען טיי?

לער ווערען נאר דאמאלס פריינד פון זשארגאן, ווען עס ווייזען זיך זשארגאנישע צייטונגען...

אין די צעהן יאהר וואס די צייטונג „פאלקסבלאט" איז ארויס־געגאנגען, זענען פיעל העברעאישע שרייבער געווען „פריינד" אונ ווי דאס „פאלקסבלאט" האט זיך פערמאכט, זענען דיזעלבע העברעאישע שרייבער געווארען דם שונאים דעם זשארגאן. דערנאך, ווען „דער יוד" האט אנגעהויבען ארויסצוגעהן, זענען די זעלבע שונאים צוריק דעם זשארגאן „פריינד" געווארען אונ איצטער, אז עס האט אנגעהויבען ארויסגעהן א טעגליכע זשארגאנישע צייטונג, האט זיך די ליבע צום זשארגאן גאר צעפלאקערט, אז מען דארף שוין גאר ניט לערנען ביי פרעמדע.

נאך אמאל זאגען מיר, אז קיין געבראטענער זשארגאניסט וואלט זיך אזוי ניט אויסגעדרוקט וועגען זשארגאן ווי דער העברע־אישער שריפטשטעלער ה' לעווינסקי.

מיר זשארגאניסטען זענען שטענדיג אויף אזוי פיעל טריי דעם זשארגאן אויף וויפיעל ער קאן דעם פאלק נוצען ברענגען אונ דוקא אז דאס פאלק זאל זיך לערנען אונ בילדען ביי פרעמדע אונ פון אנדערע שפראכען.

נאר דאס איז שוין א כלל, אז בעלי תשובות זענען פרומער ווי צדיקים גמורים.

---

## פאליטישע ענינים.

(אמעריקא אונ אייראפא. די מעלות פון אמעריקא. דער מילי־טעריזם אין אייראפא. דער מיליטעריזם אין אמעריקא. דער קריגס-בודזשעט אין אמעריקא).

אין די לעצטע יאהרען שפילט אמעריקא די גרעסטע ראלע אין דער פאליטישער וועלט אונ דעריבער ווילען מיר אונזערע לעזער מיט אמעריקא מעהר בעקאנט מאכען אין דעם יעצטיגען ארטיקעל. אמעריקא האט זיך ביז דעם יאהר 1894 אויסגעצייכענט פון אלע אנדערע לענדער דערמיט, וואס זי האט נישט קיין מלחמה געהאלטען מיט קיין אנדערע פעלקער. א חוץ די מלחמה פון דרום־ אונ צפון־אמעריקא, וואס איז געווען אין יאהר 1862, האט אמעריקא ביז דעם יאהר 1894 קיין מלחמה נישט געהאלטען, אונ מיט יענער מלחמה דארף זי זיך באין אופן נישט שעמען, אדרבא זי קאן דערויף שטאלץ זיין, דען דאס איז טאקי געווען א מלחמה לשם שמים.

דער שקלאפען־האנדעל, וואס האט אין יענער צייט זעהר שטארק געגאלטען אין לאנד, דאס אכזרי'שע בעהאנדלען, וואס די בעלי־הבתים האבען זייערע שקלאפען בעהאנדעלט, האט דערוועקט די איידלערע געפיהלען פון פאלק אונ ווער עס האט נאר געהאט א ווארים הארץ, ווער עס האט נאר נישט געקאנט צוזעהען, אז איין מענש זאל דעם צווייטען פערקויפען ווי א בהמה אויף דעם מארק, האט גע־נומען דעם שווערד אונ ביקס אין האנד. מלחמה צו האלטען פאר דער גערעכטיגקייט, בעפרייען מיליאנען מענשען פון שקלאפעריי. יענע מלחמה וועט זיין פערשריבען אייביג מיט גאלדענע אותיות אין דער וועלט־געשיכטע אונ אייביג וועט מען געדענקען די גבורים, וואס האבען זיך מוסר נפש געווען פאר מענשען פון איין אנדער פאלק, איין אנדער גזע, מענשען וואס האבען אפילו איין אנדער הויט־פארב.

קוים אבער האט זיך די מלחמה געענדיגט אונ די גערעכטיג־קייט האט מנצח געווען, דער שקלאפען־האנדעל איז בטל געווארען, האט מען צוריק אוועקגעלעגט די שווערדען מיט די ביקסען, זאלען זיי ליגען אונ זשאווערען ערגעץ אין א ווינקעל אונ מען האט זיך גענומען צו לאנד־ארבייט, צו מסחר אונ פאבריקאציע. פון דענסטמאל אן האט אמעריקא אנגעהויבען שטייגען הן אין מסחר אונ עשירות הן אין בילדונג אונ וויסענשאפט. אין קיין אנדער לאנד זענען נישטא

---

מלכה. (צו פעסלען) קום פעסיל, וועסט דו עפים נעמען אין מויל אריין. (לאזט זיך געהן).

פעסיל. (צו פלאראן) לאנג לעבען זאלסט דו, וואס דו פארגעסט ניט קיין קרובה, חאטש א ווייטע קרובה פארט א קרובה, א קרובה בלייבט א קרובה, ווי זאגט מען: איינעם איז ניט קיין פרעמדים, אז אך אונ וועה מיין וועלט!... (בייגט זיך, וויקעלט זיך אין דעם שאל, ווישט די ליפען אונ געהט מיט א זייטעל, מלכה נעהט מיט איהר, פלארא בלייבט אליין).

### III-טע סצענע

(פלארא אליין).

פלארא. (פאלט אריין אין א ווייכען פאטעל, ליגט א מינוט פאר־טראכט, די הענט פארווארפען ארויף, זינגט שטילערהייט דאס זעלבע לידעל: „א ניישא נייישא פאי פליאשי:"... נאכדעם חאפט זי זיך אויף, נעמט ארויס א בריוול, געהט ארום איבערן שטוב אונ לייענט:)

„מיין ליבע טייערע הארציגע פלארא; איך צעהל די טעג, די מינו־„טען, די רגע'ס, ווען איך וועל קענען דיך ארומנעמען, מיין טייער לעבען „דיך דריקען צום הארצען אונ זאגען, אז דו ביזט מיינע, מיינע אויף „אייביג! אך, ווי גליקליך וועלען מיר זיך ביידע דעמאלט שעצען, אז „מיר וועלען נישט דארפען שוין מורא האבען פאר קיינעם, נישט פאר „דיינע פאנאטישע עלטערן, וואס זוכען נאר יחוס, נישט פאר דיין ברו־„דערל מאטווייטשיק, וואס עקספלאאטירט מיך ווי א רעכטער שוליער!... „מע בעדארף זעהען, ליבע טייערע פלארא, וואס גיבער מאכען איין „ענדע, ווארום ווערד נעוואהר דיין פאנאטישער פאטער, זענען מיר דאך „אומגליקליך! פארפאלען דעמאלט אונזער ליבע, פארפאלען אלע אונ־זערע זיסע האפענונגען, פארפאלען מיין לעבען, פארפאלען מיין וועלט, א זיסע, טייערע, הארציגע פלארא!... (זי דריקט דאס בריוול צום הארצען, פארגלאנצט די אויגען ארויף) א ליבער, ליבער, ליבער מאקס!... (עס עפענט זיך די טיר אונ עס קומט אן מאטוויי אין די הויכע באטפארטנע שטיוועל מיט'ן בייטשל, אונ נאך איהם דאווידקא קאטשער; שטעהען א ווייליע אונ הערען זיך צו ווי פלארא רעדט צו זיך אליין).

### IV-טע סצענע

(פלארא, מאטוויי, דאווידקא קאטשער).

מאטוויי. (צו פלאראן) פלארא, וואס האסט דו עפים פארגלאנצט די איינעלעך ארויף אונ רעדסט צו זיך אליין? דו מאכסט רעפעטיציע? דו קלויבסט זיך שפיל:ן אין טהעאטער?

פלארא. אבי ניט אין קיין קארטען!... (לאזט זיך געהן, קוקט ביי'ז אויף מאטווייען אונ אויף זיין חבר).

### V-טע סצענע

(מאטוויי אונ דאווידקא).

דאווידקא. (קוקט נאך פלאראן אונ ווינקט צו מאטווייען) הערסט דו, מאטוויי, וואס איך וועל דיר זאגען? דיין שוועסטער איז דאך נאר נישקשה פון „א שטוטשקע" כ'לעבען!...

אזויגע מיליארדערען ווי די אמעריקאנער וואנדערבילד און מארגאן, קיין לאנד האט נישט אזוי פיעל באהנען, טעלעגראפען, פאטשטען און צייטונגען ווי אמעריקא. די יונגע אמעריקא שפייזט היינט די אלטע איירָאפא מיט אלע נייטיגע זאכען, א חוץ רוסלאנד גיט זי איירָאפא די מייסטע תבואות; כמעט אלע נייע, ניצליכסטע ערפינדונגען זענען געמאכט געווארען אין אמעריקא.

די צאהל פון די איינוואהנער אין אמעריקא וואכסט פון טאג צו טאג, דארטען האבען איינגעוואנדערט אלע וואס זיי איז ענג געווארען די אייגענע היים און האבען דארטען געפונען א נייע היים מיט מעהר פרייהייט און בעקוועמליכקייט.

די געאגראפישע לאגע פון אמעריקא און די היסטאריע פון איהר זענען אויך ווי א מיסטנע געמאכט, עס זאל דארטען קיין מלחמה נישט זיין. אמעריקא, וועלכע איז ארומגערינגעלט כמעט פון אלע זייטען מיט דעם ים, איז זיכער אז קיינער וועט נישט קומען ביי איהר צונעמען א שטיק לאנד, ווייל עס איז זעהר שווער צו איהר צו־קומען; אז מען דארף שיקען חיל אויף דעם ים איז זעהר שווער מלחמה צו האלטען, אויך זענען נישטא אין אמעריקא קיין סבות, צוליב וועלכע עס זאל זיך מאכען א מלחמה צווישען איהר און צווישען איין אנדערע מדינה, איהר יונגע היסטאריע האט איהר נישט איבערגעלאזט קיין סכסוכים: קיין באלקאן־פראגע, קיין ארמענישע פראגע, קיין מאקעדאנישע און דארדאנעלען־פראגע, צוליב וועלכע אין איירָאפא ברעכען אפט אוים מלחמות. די פרייהייט, וואס הערשט דארט אין עניני אמונה, דערלאזט אויך נישט דארטען צו קיין מלחמה צווישען די מענשען פון איין אמונה און דער אנדערער, און ווען אמעריקא זאל זיך נישט גליסטען אוועקצונעמען פון איין אנדערען קיין מדינות, דארף דארטען נישט פערגאסען ווערען נישט איין איינ־ציגער טראפען בלוט.

אמעריקא האט טאקי גענקוקט מיט א שפעטיש געלעכטערל אויף איירָאפא, וואס זייט דער פרייסיש־פראנצויזישער מלחמה פון 71— 87 האט זי אנגעהויבען זיך צו בעהענגען מיט כלי־זיין, אז זי קאן שוין פאר גרויס משא קיין קאפ נישט אויפהייבען, קיין פרייען טריט נישט שטעלען. פרייסען וואס וויל זיכער זיין מיט עלזאס און לאטהרינגען, וועלכע זי האט פון די פראנצויזען אוועקגענומען, האט געמאכט די התחלה. איהר האט באלד נאכגעטאנצט פראנקרייך, דאר־טען איז דער „מיליטעריזם" גאר געווארען א מין קדושה, ווער עס איז פוגע דעם כבוד פון חיל איז אחת דתו להמית. און דאס קליינע ארעמע איטאליע, וואס האט גלאט ליב נאכצוטאנצען די גרויסע, ווערד פעראָרימט מחמת די גרויסע הוצאות, וואס דאס חיל קאסט איהר אב. אמעריקא אבער איז פטור פון די אלע הוצאות, זי קאן אויסגעבען דאס געלד, וואס ווערד איינגעבראכט לטובת המדינה, צו פערבעסערען און צו פערשענערען דאס לעבען.

דאס איז אבער אלץ אמאל געוועזען, היינט ווערד אין אמעריקא אויך אנדערש. מאק־קינליי, דער פאריגער פרעזידענט אין אמעריקא, האט זיך אונטערגענומען איינצופיהרען אין זיין לאנד דאס וואס איירָאפא וויל און וועט סוף כל סוף אוועקווארפען, אמעריקא פיהרט איין אין לאנד א גרויס חיל מיט א שטארקע פלאטע, זי שניירט זיך איין אין דעם שווערען פאנצער־קארסעט.

און איהר האט זיך באלד געמאכט געלעגענהייט צו האלטען מלחמה. אין יאהר 1894 איז געוועזען א מרידה אויף דער אינזעל קובא און אמעריקא האט געדונגען סאלדאטען און געשיקט אהין אויף דער מלחמה, פון יענער מלחמה האט אמעריקא זיך ארומגעזעהען, אז מיט געדונגענע נישט קיין געלעהרנטע סאלדאטען איז שווער צו האלטען מלחמה, און פון יענער צייט אן פיהרט אמעריקא איין ביי זיך אין לאנד דעם מיליטעריזם, צו נעהמען וואס א יאהר מעהר חיל.

---

מאטוויי. וואס הערט זיך בעסער, דאווידקא, ביי דיר? ווי געהט דיר דער שפיל? איך בין שוין לאנג ניט געוועזען אין „חדר"...

דאווידקא. וואס זאל זיך הערען? אפען!...

מאטוויי. „אפען"!

דאווידקא. נאך א מין „אפען"!...

מאטוויי. וואס זשע איז די מעשה?

דאווידקא. וואס זאל זיין די מעשה? די מעשה איז א פשוט'ע מעשה; איך שריי איין מאל פאר אלע מאל, אז א לייטישער מענש טאר ניט אריינטרעטען אין קלוב אריין! א קלוב איז דאס דען? א שענק איז דאס, א „קאבאק" צו אלדי שווארצע יאהר! שענע שפילערם! „א ראפען" דער רוח זאל זיי נעמען! נעה זיי א נביא, אז דער „רויטער" וועט שלאגען דרייצעהן „פאסען", דרייצעהן מכות זאל זיך איהם זעצען אויף דער ליסינע!

מאטוויי. אויפגעלעבט) דרייצעהן פאסען? און ווער האט גע־פאנטירט"?

דאווידקא. ווער ניט? אלע האבען „געפאנטירט", און ער האט אלעמען „געפאלמעסט"! הער מיט קאפ: מיר האבען פארלייגט א „מאקאא"! האב איך זעכס—האט ער זיבען; האב איך אכט—האט ער ניין; האט ער איינס, האב איך באק—א נייע עפידעמיע! א פלאקענ־שיסער! פליגען פאלען פון אזא שפיל!

מאטוויי. און וואס מאכט דער „מוצלח"?

דאווידקא. וואס זאל ער מאכען? ער נעמט ווי א פראסט! ער שלאגט, ער ממית'ט, ער דערצעהלט זיי דעם פסוק ווי סע געהער צו זיין!...

מאטוויי. און דער „ארעסטאנט" וואס מאכט?

דאווידקא. טשעפע איהם ניט, ער איז „נקי"...

מאטוויי. ריין?

דאווידקא. ווי א טעלער. א גליקליכער האז!... פונקט אזוי ווי איך! איך קלויב און קלויב, נאכדעם קומט צו געהן איין שווארץ־יאהר און נעמט דאס צו אזוי ווי מיט די' הענט. וויפיעל מאל איך האב מיר נעגעבען דאס ווארט איך זאל מעהר ניט שפילען?

מאטוויי. וואס דען וועסט דו טהון? שרייבען ספרים? א קאר־טענשפילער וועט האלטען ווארט!

דאווידקא. וואס ליאפעסט דו אזוי אויף קארטענשפילערם, דו הונט איינער, דו כלב שבכלבים!

מאטוויי. וואס זאג איך דען? ס'איז אודאי א פאלק פון לייטישע מענשען, וואס זאל מען דא קלערען!

דאווידקא. ל'ייטישער פון דיר מיט נאך אזעלכע פוסטעקראטע ווי דו אודאי!

די לעצטע צייט האט דער קאנגרעס בעשטימט 320 מיליאנען דאלאר, אויסצוהאלטען דאס חיל און אנדערע קריגס-הוצאות. דערפון איז בעשטימט $7\frac{1}{2}$ מיליאנען אויף קרעפאסטען, 80 מיליאנען אויף קריגס-שיפען, $2\frac{1}{2}$ מיליאנען אויף א קריגס-אקאדעמיע און 20 מיליאנען אויף אנדערע קליינע הוצאות. אין די לעצטע 6 יאהר זענען די הוצאות אין לאנד פערגרעסערט געווארען אויף צוויי דריטעל בערך און די הוצאות אויף מלחמה אויף א העלפט. דען פאר 6 יאהרען, דאס הייסט אין יאהר 1896, האט אמעריקא אויסגעגעבען 352 מיליאנען דאלאר, דערונטער 50 מיליאנען קריגס-הוצאות, און היינטיגעס יאהר גיט זי אוים 800 מיליאנען דאלאר, דערונטער 100 מיליאנען אויף קריגס-הוצאות. אמעריקא הערט אויף נאך דעם אופן צו זיין א לאנד פון שלום, א מוסטער פאר איירופא, נאר א לאנד פון מלחמה און מיליטעריזם.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— די שטאדט פערוואלטונג פון פעטערסבורג האט בעשלאסען צו גרינדען צום אנדענקען פון 200 יעהריגען יובילעאום זייט פעטערסבורג איז געבויט א סך שולען פאר 25,000 קינדער און א שפיטאל פאר 1000 קראנקע. דערויף האט די שטאדט-פערוואלטונג געמאכט א הלואה אויף 10 מיליאנען רובל.

— קירצליך וועט מען ביי פעטערסבורג אויסבויען א שפיטאל פאר שוואך-ברוסטיגע און נערוויי-אישע קינדער.

— די צייטען גרינדעט זיך אין פעטערסבורג א חברה מיט א קאפיטאל פון 250,000 רובל, וועלכע האט בעשלאסען צו בויען אין דרום-קרים ביים שווארצען ים א באדע-ארט אויף דעם מערב-אייראפעאישען אופן.

— די שניידערס אין רוסלאנד ארבייטען אוים א פלאן צו מאכען היינטיגען פריהלינג איין אספה פון אלע רוסישע שניידער-צעכען. די אספה זאל זיך צוזאמענקומען אין פעטערסבורג צו בעהאנדלען איינינע וויכטיגע פראגען.

— אין פעטערסבורג הויבט אן ארויסצוגעהן א טעגליכעס בלאט אויף ענגליש.

— אין מאסקווא בויט מען א הויז צום נעכטיגען פאר די וואס האבען נישט קיין ארט וואו צו וואהנען. דאס הויז ברויך צו קאסטען 1,300,000 רובל, דערויף איז שוין דא 400,000. לויט די סטאטיסטיק געפינען זיך אין מאסקווא 10,000 מענשען, וואס האבען נישט וואו צו נעכטיגען.

— אין ווארשא האט זיך געעפענט א שפיטאל פאר נערוועןקראנקע; דער עיקר פאר די וואס ליידען פון שכרות.

— די קישענעווער בעלי מלאכות האבען אריינגעשיקט א בקשה צום פינאנץ-מיניסטער, ער זאל זיי ערלויבען צו מאכען קליינע הלוואות אויף קורצע טערמינען אין דער רעגירונגס-באנק.

— די קראנקהייט פון גראף ל. נ. טאלסטאי האט זיך די לעצטע צייט זעהר געשטארקט.

— פון אוראלסק (סיביר) שרייבט מען, אז דער אייז פון דעם דארטיגען ים הקרה האט אוועקגעטראגען 80 קאזאקען.

— די חונחוזען, (א שבט אין חינא), זענען בעפאלען א צוג, בשעת ער איז געווען ביי דער סטאנציע קאיון-פעלין און האבען דורך די וואגאנעס דורכגעווארפען 20 געהרג'עטע און פערוואונדעטע חינעזער.

— אין אדעסא האט זיך געעפענט איין אויסשטעלונג פון פערשידענע מיטלען געגען שווינדזוכט.

— די שטאדט-פערוואלטונג אין לארז האט בדעה צו בויען א נייעם שפיטאל, וואס וועט אריינקאסטען איין ערך פון 2 מיליאנען רובל.

— א לאנדאנער מיליאנער רעקפעלער האט צוגעזאגט 7 מיליאן דאלאר פאר דעם וואס וועט געפינען א מיטעל געגען שווינדזוכט.

— די פראנצויזישע רעגירונג האט דעם מאראקאנישען סולטאן אנגעבאטען 50 מיליאנען פראנק צושטייער אויף די הוצאות המלחמה. דער סולטאן האט עם אבער נישט אנגענומען.

---

מאטוויי. וואס דארפסט דו זיך אננעמען די קריוודע פון אלע קארטענשפילערס?

דאווידקא. ווארום איך בין אליין א קארטענשפילער. איך שעם זיך נאר נישט מיט מיין פרנסה; איך פארדיען מיין ברויט אזוי ערליך ווי דער טאטע דיינער, און איך האלט אוים א בלינדען טאטען מיט א קראנקע מאמע, און א ברודערל האלט איך אין גימנאזיע, און די שוועסטער ווייסט דו אליין, אז איך האלט אוים, און דווקא בכבוד, און צו-נעמען נעם איך ניט צו ביי קיינעם! אז איך זעה מיך שפילען זעה איך מיך דערויף, איך זאל אדער געווינען אדער פארשפילען; דערויף איז דאס א קארט; אלע פרנסות זענען פיין און גוט! מיאוס און שלעכט זענען מענשען...

מאטוויי. ביזט געווארען א גאנצער פילאזאף, דאווידקא!

דאווידקא. איך בין תמיד געוועזן א פילאזאף און דו ביזט געוועזן א „באסיאק" און וועסט בלייבען איין „אידיאט"... הער נאר, דו אדם — א מענש, צפור — א פוינעל, קאטשקע ריק זיך! אפשר האסט דו ביי זיך אביסל קליינגעלד? עם קומט מיר פון דיר, ווייסט דו וויפיעל, דו פוסטע בחור?

מאטוויי. הלואי וואלט איך אזוי ניט געוואוסט וואו איך וויים!

דאווידקא. גיב זשע אהער א צוויי שמאטעס, דו פרא אדם, ווארום איך דארף האבען געלד, געלד, געלד-געלד-געלד!

מאטוויי. געלד? א גיט-אויג וועל איך דיר געבען!

דאווידקא. נו-נו, זיי נאר ניט דאס וואס סע קוויטשעט און נעם ארוים דאס ביסל געלד!

מאטוויי. וואסער געלד? ווי קומט צו מיר געלד? (חאפט ארוים דאס ביטעלי.) אידיאט, נא זעה! טרוקען אזוי ווי רייגער פעפער!

דאווידקא. הער נאר אוים, מאטוויי, דו ווייסט דאך, אז איך וויים, אז דו ווייסט, אז איך וויים ווער דו ביזט!...

מאטוויי. ווער בין איך?

דאווידקא. פרעג „מארקושא"ן וועט ער דיר זאגען... דו קענסט קומען צוגעהן מיט פולע קעשענעס, זיין שולדיג דער גאנצער וועלט און זיך אנידערזעצען שפילען און אוועקגעהן איין אפגעריינינגטער...

מאטוויי. נאחאל! קומט צו מיר אין שטוב אריין מיך זידלען?

דאווידקא. חא-חא! צו א י ה ם אין שטוב אריין! א גרויסען חלק האסט דו אין דער שטוב!

מאטוויי. מיין טאטענס שטוב!

דאווידקא. אז אך און וועה איז דיין טאטען וואס פאר א זוהן ער האט! ער וואלט זיך געמענט באגראבען נאך איידער ער האט דיך געהאט! באצאהל פריהער אלע וועכסלען וועסט דו זיך נאכדעם בארירהמען מיט דיין פארמעגען!

מאטוויי. וואס געהער זיך אן מיט דיר מיינע וועכסלען? דו וועסט פאר זיי ניט צאהלען!

— דער שוועדישער קעניג אסקאר איז שטארק קראנק. ער האט מחמת דער קראנקהייט געמוזט איבערגעבען די רעגירונג דעם קראנפרינץ.

— פון סאלאניק (טערקיי) שרייבט מען, אז א באנדע רויבער האבען צעריסען די טעלעגראפישע דראטען און זענען איבערפאלען דעם צוג און אנגעהויבען אויף איהם שיסען. דער מאשיניסט מיט דעם אויוועןהייצער האבען זיך געליינט אויף דער פארלאגע און האבען געלאזט דעם צוג געהן מיט א גרויס געשווינדקייט און דערמיט האבען זיי איהם מציל געוועזען פון די רויבערס הענד.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** דער סענאט האט ערקלערט, אז די יודען, וואס וואהנען אין די 50 וויארסט ביי א גרענעץ, האבען נישט דאס רעכט זיך אריבער צו קלייבען צום וואהנען פון איין שטאדט אין דער אנדערער, זיי קענען אבער פאהרען פון איין ארט אין דעם אנדערען אין די 50 וויארסט.

— דער אדעסער פארשטעהער פון דער שטאדט־פערוואלטונג האט געשיקט צום מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג א דאנק־בריף פאר דעם וואס ער האט ערלויבט צו צונעמען 27 יודישע סטודענטען אין דעם „נאוואראסייסקין" אוניווערזיטעט. פאר א יאהרען האט אויך דער מיניסטער אייף די בקשה פון דעם אייגענעם שטאדט פארשטעהער ערלויבט צו צונעמען 17 יודען מעהר ווי די געוואהנליכע צאהל.

— איןווארשא האט מען פערשריבען אין די לעצטע צוויי וואכען 5,358 קינדער צו שיקען אויף די זומער־וואהנונגען, דערונטער 1983 יודישע.

— נישט לאנג איז אין ווילנא געשטארבען ר' מאיר נארדאן, וועלכער האט זיך כל ימיו מתעסק געוועזען אין יודישע שטאדט־זאכען און זעהר פיעל מענשען זענען צו ליב איהם געהאלפען געווארען. דער פערשטארבענער האט אין זיין צואה אבגעשריבען 10,000 רובל אויף פערשידענע צדקות.

— די יודישע קהל־שטיב אין ווארשא האט בעשטימט צו טיילען קוילען פאר ארימע לייט־5,000 רובל.

— אין קיעוו האט מען אויסגעקליבען פאר א ראבינער דעם אינזשי־ניער שלמה לוריא. ה' לוריא איז אויך א העברעאישער שריפט־שטעלער.

— אין קריגס־מיניסטעריום בעהאנדעלט מען די פראגע אויב מען זאל ערלויבען יודישע קראנקע צו קורירען זיך אין די קאווקאזער מינעראל וואסערן.

— אין דער פעדאגאגישער אספה, וואס איז נישט לאנג געוועזען אין מאסקווא, זענען געוועזען עלף יודישע חברים פון 7 רוסישע גרויסע שטעדט.

— אין מינסקער יודישען שפיטאל איז געוועזען א גרויסע שרפה, פון די גייסטיג קראנקע זענען בשעת דער שרפה איינינע אנטלאפען, דער היזק איז זעהר גרויס.

— אין פלונסק (ווארשאווער גוב') איז געגרינדעט געווארען א חברה „תפארת בחורים", וואס האט דעם צוועק צו לערנען מיט די פריקאזשציקעס און קינדער, וואס ארבייטען ביי בעלי מלאכות די העב־רעאישע שפראך.

— די יודישע מוזיקער אין לאדז האבען געמאכט א קאנצערט, וועלכער האט איינגעבראכט 1000 רובל פאר ארימעלייט.

— קירצליך וועלען אין באברויסק (רוסלאנד) פארטיג ווערען די הייזער, וועלכע די חברה יק"א בויט פאר די ארימע נשרפים, וועלכע האבען נישט וואו צו וואהנען.

— אין ווארשאווער אוניווערזיטעטען לערנען היינטיגעס יאהר 1,468 שילער, דערונטער 171 יודען.

**דייטשלאנד.** די פארשטעהער אין דער בערלינער יודישער גע־מיינדע האבען דערלאנגט א בקשה צו דער בערלינער לעהר־קאמיסיאן, מען זאל איינפיהרען דאס העבראאיש לערנען אין די געמיינדע־שולען. די לעהר־קאמיסיאן האט עס אבער אבגעזאגט. ביי דער לעצטער זיצונג פון די יודישע פארשטעהער האט פראפעסאר באגענסקי פארגע־טראגען, מען זאל די אייגענע בקשה פארטראגען נאך אמאל און דער־ווייזען, אז דאס לערנען העבראאיש איז דורכאויס נייטיג.

— מיכאל ראטשילד אין גרעוועזנברויך האט מנדב געוועזען פאר די יודישע געמיינדע אין בערלין 160,000 מארק.

---

דאווידקא. איך וועל פאר זיי ניט צאהלען; מיין שוועסטער וועט פאר זיי אמאל דארפען צאהלען. צי דו רעכענסט טאקי חתונה האבען פאר רב משה'לי זיידענשטאמערס טעכטערל מיט די רויטע הערלעלעך?

מאטוויי. (אייפגעטראגען) דאס איז אויך ניט דיין עסק!

דאווידקא, וועמענס דען עסק איז דאס? איך בין דאכט זיך מיין שוועסטערס א שטיקל ברודער, צי ניין? הער נאר דו, „גרינער אגרעס", ביז וואנען וועסט דו אונז פיהרען אין באר אריין מיט'ן שענעם שדוך? מיין שוועסטער איז דאך אן דיר פארליבט ווי א קאץ אין די הייסע טעג. זי מיינט דאס נעביך מיט איין אמת, זי רעכענט, אז דו קאנסט זיך אהן איהר נישט באגעהן . . . דו שווייגסט? . . . האסט פיינט אפנים, אז מע רעדט מיט דיר אויפ'ן ניכטערען הארצען פון אזעלכע ענינים? טא לאמיר רעדען פון פריילינבערע זאכען: ווען וועסט דו האבען געלד? . . .

מאטוויי. ווייסט דו וואס איך וועל דיר זאגען, דאווידקא? דו ביזט א רעכטער עקספלאאטאאר, א בלוט־צאפער, א גוטע פיאווקע, וואס טויג מיר גרויס?

דאווידקא. א דאנק פאר א קאמפלימענט! און דו וואס ביזט? א „טאטענס א הונט"? א זיידענער יונגערמאנטשיק? א כשר קינד? . . .

מאטוויי. נישטא ביי דיר קיין שום פריינדשאפט, קיין גוט ברו־דערשאפט, קיין מענשליכקייט . . .

דאווידקא. מענשליכקייט? אז אך און וועה איז דעם מענשליכ־קייט, אז עס ליגט ביי דיר אין מויל! נא דיר א גראשען פאר אלע מענשען מיט'ן גאנצען מענשליכקייט! (ער חאפט ארויס דעם טייסטער און טהוט א פאטש איבער איהם מיט דער האנד) אט איז מענשליכ־קייט, אט דא ליגט באהאלטען דאס גאנצע מענשליכקייט! . . .

מאטוויי. א רוח! א שד! דער גוטער יאהר זאל דיך וויסען ווער דו ביזט!

דאווידקא. ווער איך בין? א מענש גלייך מיט אלע מענשען, דער חלוק איז נאר וואס אלע מענשען ליינען, און איך, זאג דעם אמת; אלע מענשען נארען אפ אי יענעם אי זיך, און איך אז יענער לאזט זיך נארען נאר איך איהם, נאר זיך־קיין מאל ניט! . . .

מאטוויי. דו ביזט א מיזאנטראפ.

דאווידקא. וואס טויג מיר נעמען פון דער הגדה? רוף דאס אן ווי אזוי דו ווילסט, ס'איז נישט פאר דיין קאפ, גלויב מיר; דו זאלסט געוועזען דורכגעהן דאס וואס איך בין דורכגעגאנגען, וואלסט דו געוואוסט וואס הייסט מיזאנטראפ. דאס קאן איך דיר יא זאגען: אויב ס'איז פאראן איין עהרליכער מאן אויף דער וועלט, הייסט ער דוד קאטשער, ניט מאטוויי שאלאנט . . . הקצור, וואס הערט זיך מכח געלד? (עס עפענט זיך א האלבע טיר און עס בעווייזט זיך חנה.)

(פארטזעצונג קומט).

ענגלאנד. דער לאנדאנער יודישער ענגלישער שריפטשטעלער ישראל זאנגוויל איז צוזאמען מיט דעם בעלגישען שריפטשטעלער מאריס מעטערלינק געפאהרען אויף איין עלעקטרישען טראמוויי אין מענטאן (פראנקרייך). אויף דער גאס האט זיך דער טראמוויי אנגעשטויסען אן א וואגאן, מעטערלינקען האט עס נישט געשאדט, נאר זאנגוויל האט זיך שטארק צעשלאגען ביים אויג.

פראנקרייך. נישט לאנג האט באראן נוסטאוו ראטשילד אוים פאריז געפייערט זיין 60 יעהריגעס יובילעאום זייט ער איז געווארען פרעזידענט אין יודישען קאנסיסטאריום.

— ה' פערדינאנד קרעמיע, א יוד, איז אויסגעקליבען געווארען אין פראנצויזישען סענאט. קרעמיע איז א ברודערס זוהן פון דעם פערשטארבענעם יוסטיץ־מיניסטער יצחק קרעמיע, וועלכער האט געגרינדעט די חברה „כל ישראל חברים“.

— דער גראנד רב אין פאריז ה' דרייפוס האט בעקומען פון דער פראנצויזישער רעגירונג דעם טיטול ריטער פון עהרענלעגיאן.

— פון פאריז שרייבט מען, אז דער יודישער סענאטאר דוד רייגאל איז געשטארבען צו 63 יאהר. דער פערשטארבענער איז געוועזען אין יאהר 1881 אין גאמבעטאס מיניסטעריום מיניסטער פאר פאלקס־ארבייט און דערנאך פון 1883 ביז 1885 אין יוליוס פעריס מיניסטעריום. אכט יאהר שפעטער אין יאהר 1893 ווען קאזימיר פעריע האט געמאכט א מיניסטעריום איז ער געווארען מיניסטער דעם אינערן. ער איז אבער מעהר ווי א יאהר אויף די שטעלע נישט געבליבען, און איז געבליבען סענאטאר אליין. ביי דעם פאנאמא־סקאנדאל האט מען איהם אויך בעשולדיגט, אבער די וואס האבען איהם אלס שווינדלער בעשולדיגט זענען פון דעם פראנצויזישער געריכט בעשטראפט געווארען.

# א יודישע ירושה.

א געוויסער יוד אוים דעסוי, קאהן האט ער געהייסען, איז געוועזען דער פריוואט-באנקיער פון דעם דייטשען קייזער ווילהעלם דעם ערשטען. פאר זיינע מיליאנען, מיט וועלכע ער האט דעם פערשטארבענעם קייזער פיעל נוצען געבראכט, האט איהם דער קייזער געשאנקען דעם טיטעל „באראן“, ער איז דער צווייטער יודישער באראן געוועזען אין דייטשלאנד. אנדערע באנקיערען האבען אויך אפילו גרוים חשק געהאט צו דעם דאזיגען כבוד און האבען זיך שטארק משתדל געוועזען עס צו בעקומען, עס איז זיי אבער נישט געראטען. דער דייטשער קייזער האט גערעכענט, אז מיט דעם דאזיגען עהרענטיטעל, וואס ער האט דעם יודישען באנקיער געשאנקען, האט ער איהם גאנץ גענוג אבגעדאנקט פאר זיין טרייהייט און האט דעריבער נישט געפינען פאר נייטיג דעם יודישען באראן צו ווייזען אינטימע פריינדשאפט. צווישען די קליינע צאהל פערטרויטע פריינד און געסט פון דעם קייזער ווילהעלם האט מען דעם יודישען באראן קאהן קיין מאל נישט געזעהען. מען פלעגט איהם נאר דעמסטמאל איינלאדען אין קייזערליכען הויף, ווען די צאהל פון די אנדערע געסט איז געוועזען זעהר גרוים, נישט וועניגער ווי עטליכע הונדערט. צווישען אזוי פיעל געסט וועט א ודאי דער יוד נישט ניכר זיין. דער יודישער באנקיער, וועלכער רוהט שוין מעהר אלס דריי יאהר אונטער א גרויסארטיגע מצבה אויף דעם יודישען בית-עלמן, איז געוועזען קליין געוואכסען מיט איין עכט יודיש פנים און מחמת דעם וואס ער איז געבארען און ערצויגען געווארען ביי פראסטע יודישע עלטערן, האט ער זיך בשום אופן נישט געקאנט אבגעוואהנען פון דעם יודישען דיאלעקט און מען האט אין זיין דייטש רעדען באלד דערקענט, אז דאס רעדט א יוד. דאס איז גענוג געוועזען צו מאכען מבוזה דעם יודישען באראן, וועלכער קומט ארוים פון פראסטע בירגער, אין די אויגען פון די פרייסישע הויפס-לייט, וועלכע קומען ארוים פון ריין פרייסישען אדעל און קוים פלעגט זיך קאהן בעווייזען אין קייזערליכען פאלאץ פלעגען די שטאלצע „יונקערס“ איהם בעגריסען מיט א פעראכטענדען שמייכל אויף די פערביסענע ליפען און דעריבער האט ער זיך תמיד געפיהלט צווישען די הויפס-לייט נישט היימיש. אז דער קייזער ווילהעלם דער ערשטער איז געשטארבען האט זיך דער יודישער באראן געמוזט אין גאנצען דערווייטערן פון דעם דייטשען הויף און האט כמעט מיט איהם גאר קיין שייכות נישט געהאט. דאך האט דער היינטיגער דייטשער קייזער, ווילהעלם דער צווייטער, געטהאן חסד מיט די איינציגע טאכטער און יורש'טע פון דעם פערשטארבענעם יודישען באראן, דערמיט וואס ער האט איהר ערלויבט צו טראגען דעם טיטעל באראן. חאטש זי האט חתונה געהאט מיט נישט קיין באראן מיט א געוויסען יוד אפענהיים. די באראנעסע קאהן־אפענהיים, וועלכע איז נישט לאנג געשטארבען, איז געוועזען א קלוגע, געבילדעטע און ענערגישע פרוי און הגם זי האט נישט אוועקגעווארפען דאס באנקיער־געשעפט פון איהר פאטער, האט זי אבער נישט געהאלטען, אז געלד איז שוין די גאנצע וועלט, דאס גאנצע לעבען, נאר אז געלד איז מעהר ניט ווי א מיטעל צום לעבען אבער נישט דאס לעבען אליין. באראנעסע קאהן־אפענהיים האט זעהר אפט צעטהיילט גרויסע סומען געלד אויף פערשידענע צדקות און האט געלאזט מאכען איין עקסטערע קאנטאר ספעציעל פאר צדקה זאכען. און דאס אלץ האט זי געטהאן שטיל און רוהיג נישט געלארעמט, נישט געפויקט אין די בלעטער און קיינער האט נישט געוואוסט ווער איז דאס דער נדבן, וואס שיט מיט טויזענדער פאר די נויט־בעדארפדיגע. ערשט פאריגען פריהלינג האט די באראנעסע געמאכט, אז מען זאל פון איהר שטארק רעדען. דערמיט, וואס זי האט דעם דייטשען קייזער אנגעבאטען א גאנצען מיליאן מארק, וועלכען ער זאל פערברויכען צו שטיצען די דייטשע קונסט. עס איז צוליב דעם געווארען א גאנצער ויכוח, טייל האבען געזאגט, מען זאל די נדבה יא אננעמען, טייל — מען זאל נישט אננעמען און גלאט אזוי האט מען געקלערט, וואס אייגענטליך האט די באראנעסע געבראכט דערצו זי זאל שענקען אזא הון געלד פאר דער קונסט און פאר וואס נאך דווקא דורך דעם קייזער? אנדערע האבען ווידער געזאגט גאר אזא נוסח: אז די באראנעסע וויל מיט איהר נדבה פארגלעטען די חטאים פון איהר פאטער, אויף וועלכען מען האט דעמסטמאל שטארק גערעדט, אז ער האט א שייכות מיט דעם אונגעהייערען באנקראט, וואס די היפא טעטשענע באנק האט געמאכט. נאך אנדערע האבען געזאגט פשוט: די באראנעסע איז א רודף אחר הכבוד'ניצע, אז זי בעגניגענט זיך נישט מיט די 60 מיליאנען, וואס זי האט בעקומען ירושה פון איהר פאטער, זי וויל שפילען א ראלע צווישען די העכערע געזעלשאפט, און דעמסט־מאל איז א שעת הכושר געוועזען דערצו, ווייל קייזער ווילהעלם האט אנגעהויבען ווייזען די יודישע באנקיערין א פריינדליך פנים און האט זי צוגעלאזען אין הויף.

נישט וועניגער וכּוחים אונ שפּארענישען איז היינט וועגען די אייגענע בּאראנעסע, וועלכע האט אין איהר צואה אבּגעשריבּען 2 מיליאנען מארק פאר דעם דייטשען קייזער. מען שפּארט זיך, צי דארף דער דייטשער קייזער צונעמען די ירושה אדער נישט. צי דארף ער צונעמען א ירושה פון א בּאראנעסע, וואס איז א טאכטער פון א יודישען בּאנקיער אונ האט נאך דעם פאטערס טוידט אליין געפיהרט די בּאנק אונ איז עד יום מותה געבּליבּען א יודין? אט די שאלה פּעראינטערעסירט היינט די דייטשע צייטונגען, אונ עס זענען דא א סך חלוקי דעות. דאס רוב דעות זאגען: פאר וואס נישט, אז מען גיט נעמט מען, למאי האט דער קייזער צוגענומען דעם "גוט"-"קאדינען", וואס א רייכער גוטס-בּעזיצער האט איהם געשאנקען? די פראגע איז נאר, צי זאל דער קייזער צונעמען די 2 מיליאנען מארק פאר זיך אדער ער זאל עס פערווענדען אויף דברים שבּצדקה, די ווייניגערע דעות זאגען אבּער, אז מען דארף אזא ירושה, וואס עס האט אבּגעשריבּען א פרוי, וואס האט געלעבּט אונ איז געשטארבּען אלם יודיש קינד, פאר קיין פאל נישט צונעמען. דער עיקר געפעלט עס נישט די אנטיסעמיטען, וועלכע האבּען שטארק פּעראיבּעל אויף קייזער ווילהעלם, וואס האט די לעצטע צייט אנגעהויבּען מקרב צו זיין איינינע יודען, וואס האבּען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע גוטע מעלות. אונ דערמיט וואס ער וועט פון דער פערשטארבּענער בּאראנעסע קאהן-אפּענהיים צונעמען די 2 מיליאן ירושה, האקט ער די אנטיסעמיטען אין גאנצען אבּ די פליגלען. פארקעהרט אבּער, אז ער זאל די ירושה נישט אנעמען, חאטש מחמת צוליבּ גאר איין אנדער טעם. וועלען די אנטיסעמיטען פאר גרויס גאוה אויף זייער נצחון נישט וויסען ווי דעם קאפּ צו האלאונ דעריבּער טאקי זענען די אנטיסעמיטישע בּלעטער בּאלד אנגעפאלען אויף די פערשטארבּענע בּאראנעסע מיט זלזולים אונ זידלערייען. אט למשל, האט איין אנטיסעמיטיש בּלאט אין בּערלין, וואו דער בּעוואוסטער אנטיסעמיט גראף פּיקלער איז דער גאנצער רעדעלפיהרער, געשריבּען מיט אזא מין לשון: לויט אונזער מיינונג נאך, וואלטען די גוטע פריינד פון פרוי יוליא קאהן-אפּענהיים גאנץ קלוג געטהאן ווען זיי וואלטען נישט אזוי געלארמט וועגען איהרע צדקות. לאמיר זיך נישט נארען, פון וואנען האט דער פאטער איהרער בּעקומען די 40 מיליאן, וואס זי האט פון איהם גערשענט, פון הימעל זענען זיי איהם נישט אראבּגעפאלען, מיט דעם ביטערען שוויים האט ער זיי נישט אויסגעהארעוועט, דאס האט ער מיט פערשידענע סארטען שווינדעל אונ ספּעקולאציעס אויסגענארט פון די ארימע עלענדע דייטשע ארבּייטער אונ האט עס אריינגעשארט צו זיך אין זאק אריין. ווען איינער שענקט פון זיינע מיליאנען, וואס ער האט אויף אזא אופן צוזאמענגעראבּעוועט איינינע פעניג צו א צדקה-זאך, קאן מען דאס נישט רעכענען פאר קיין שום גדלות אונ עס קומט דערפאר קיין דאנק נישט. (ענדע קומט). ק. ג.

# חמשה-עשר-פירות

חמשה-עשר-פירות, קינדערלעך! דער זיידע האט אייך געבּראכט חמשה-עשר-פירות! קומט אהער, עסט! נאר ניט געחאפּט: איך האבּ איטליכען איין ציטיילען!

דאס איז ניט גלאט פירות: פלוימען, א שטיינער, אדער בּארעלעך; דאס איז פירות! ארץ-ישראל-פירות, וואס וואכסען אויף ארץ-ישראל-בּיימער. צי ווייסט איהר, אפשר ניט, אז פירות וואכסען אויף בּיימער?! אז אך אונ וועה איז מיין עלטער! אז קינדער ווייסען ניט מעהר ווי וואלגערען זיך אין מיסט, אדער רייסען דעם טאטענס ספרים! נארישע שפּילען! צום טייך לויפט עס, גליטשען וויל זיך עס, דערפאר ווייסט עס ניט, ווי פירות וואכסען! א נו, וואס איז דאס פאר א בּיימל בּיי אייך אויפ'ן פענסטער?... עפּיס איז עס מיר, צו שען!... לאזט מיך עס נאר א טאפּ טהון!.. קאלט! הארט! שארביג!.. חא-חא! פּאפּיער! בּיי מיין עלטער שוועך איך, ס'איז פאלש, נאכגעקרומט, אויף כלומר'שט א בּיימל! דאס נארישסטע פייגעלע וועט זיך דערויף ניט אבּשטעלען א פּיפּס טהון.

ניין, קינדערלעך! ניט אויף אזעלכע בּיימלעך בּלאזען די ווינטען אין וואלד! ניט אויף זיי רופט מען אוים: "מי בקצו ומי לא בקצו"! די האבּען גאר קיין ראש-השנה ניט! בּיימער — ווען איך זאל אייך ווייזען, קינדערלעך — אך, בּיימער!..

ס'פאראנען אייכען-בּיימער; ס'א בּוים! דו קוקסט איהם אן פון אונטען ארויף — איז ער אלט, פאר חמורעט, בּייז, שטעהט אויף א זייט, גלייך ווי א שכּור... גלייך אט-אט צעוואקעלט ער זיך, אונ פארפאהרט דיר מיט א "סטיסאק" אין האלזעננאקען! דו טהוסט אבּער א קוק העכער — איז ער גרין, יונג, צווייגעלעך... בּלעטעלעך... אזוינע פריילּיכע! קונדיסים! — וואס דאס פלוידערט איבּער אין א טאג!..

גאר ניט קיין שלעכטער — דער אייכענבּוים. איין שטיקל קאפּריז האט ער נאר. צעלעגט זיך אין דער בּרייט, אונ לאזט ניט אין זיינע ד' אמות קיין אנדערען צו.

ס'איז פאראנען פיכטען-בּיימער; דאס איז שטיקלעך מיוחסים. אויף כלומר'שט איידעלט זיך עס, פּיינ'ט זיך עס, רעדט פון דער הויך אזוי אז בּיז ס'קומט צו דיינע אויהרען צעטראגט עס דער ווינט. שטיקלעך דאקטוירים: דרשה'נען רק פון דיזענפעקציע; שטיקלעך שקרנים, מחילה: ס'זאגט דיר רק צו גרינס אויף ווינטער, ווען אפילו זומער גיט עס דיר נאדלען פאר גרינס... שאדט ניט; דארפסט נאר וויסען, אז זיי זענען געחאפּט אויף דער זאך: ס'האט ליבּ יענעם אונ זיך צו נארען..

ס'איז דא אקאציעס. דאס איז גאר קיין שלעכט בּיימל ניט געווען ווי לאנג ס'האט געוואכסען אין וואלד. געוואכסען לויט'ן כּח, געלאזט גוטע ריחות נאכ'ן פארמעגען, ניט געריסען זיך אוים די כּחות. פון זינט אבּער ס'האט זיך איבּערגעצויגען אין שטאדט אריין פאר די הייזער וויל זיך עס אלץ פיינען, וויל אלץ אויסלויפען דעם פריהלינג: פארשרייען מיט זיין בּיסל ריח; אונ עס קומט פונקט שבועות נאך דער סעודה, ווען עס פעהלט דיר בּאמת א בּיסל ריח, שטעהט עס שוין אויסגעוועפּט ווי א געפּוצטע זקנה.

ס'איז דא בּיימער; נאר בּיימער צו בּיימער ניט גלייך, — אמת'ע בּיימער זענען יענע, וואס וואכסען ניט דא; טייטעל-בּיימער, מאנדעלבּיימער, פייגען-בּיימער, איילבּירט... ווי גלייך, ווי הויך דאס וואכסט! גלייך צום הימעל! תמיד אין גדולות, רק פארטראכט! גלייך עס קעהר זיך גאר מיט דער ערד ניט אן!..

איין אמת'ן: "וואס מעהר געטראכט — אלץ בּעסערס געמאכט".

פון זייערע פירות קענט איהר זיך אנשטויסען, וואס פאר הויכע מחשבות זיי טראכטען.

אט פון די ביימער וועגען פייפען די ווינטען אין וואלד, אונ דער הימעל חמורעט זיך, אונ די שניי־וויהערן שלאגען מלקות, אונ די וועלף זענען זיך מתיר נדר אונ טיגערן עסען ראש־כבש, אונ די בער־רען טינקען די „המוציא" אין האניג.

פון אט די ביימער וועגען איז דער גאנצער „ונתנה תוקף" אין וואלד.

*

קומט זשע אהער קינדערלעך, מכל טוב האב איך אייך גע־בראכט! וואו זענט איהר? וואו זענען קינדער? דאס איז דאך אלטע! שטאק־אלט! עלטער פון מיר, וועה איז מיינע קנייטשען! צי איז ביי אייך קיין קינדער ניט פאראנען?!. בקיצור, זאל זיין אזוי! קומט אהער „טאטעס" במקום „קינדער"! נאר ניט פארחשכ'ט, ניט פארדאגה'ט! פרייליכער! מיט דאגות מאכט מען גאר ניט:

מלמדים, לעהרערס, אלף־בית'ניקעס, גמרא־קעפלעך, בעלי־תנ"ך, שוא־נח'ניקעס, „כל ולך"'ניקעס מכל המינים — קומט אהער! א ברכה מיט שהחינו קענט איהר מאכען? נאר אהן גרייזען, איך בעט אייך! א גאנץ יאהר — גאר ניט, ווי עס איז שוין: „חמשה־עשר" אבער איז עפיס אנדערש! איך וועל אייך געבען ווייניגער פונ'ם שעור, וועט איהר פארשפארען א ברכה אחרונה: ס'איז א גאנצע ארבייט, אונ דערצו ניט קיין גרינגע!

נו, נאט אייך א ראזינקע! קוקט ניט וואס זי איז געקארטשעט — מעשה זקנה! דאס איז פונ'ם וועג! אין דער היים דארט, שטויסט אייך אן, אז זי איז געוועזען פריש, קיילעכיג, פול, רייצענדיג, ווי קינדערישע אויגען. דארט האט עס געהייסען „ווייז־טרויבען".

וואס בלאזט איהר זיך?! ס'אייך ווייניג אלע — א ראזינקע?! אנפרעסען זיך, מעשה גוי — זענט איהר ניט מחויב! משמע א גאנץ יאהר מיט קנאבעל אונ ברויט עסט איהר זיך דען אן?! ס'איז ניט קיין מלמד'ישע טבע.

אלא מאי — ס'אייך קארג, זולל וסובא'ניקעס? אט נעמט זשע גאר די קערנדלעך פון אינוועניג, פארזעצט זיי, בעארבייט זיי, וועט אייך אויסוואקסען, גלייבט מיר, ביימעלעך — מלא חן! אונ פירות וועט איהר האבען פון זיי.

נאר האט אין זינען, בעל־כעס'ניקעס, צערייצטע נשמות: דאס איז ניט א שטייגער פלאכס! פון פלאכס דרעהט מען שטריק, מוז מען עס פריהער שלאגען, קלאפען... דאס איז א רוחני, איין איידעלע זאך; קיין האנד ניט לעג דערויף! געב עס זונען־שיין אונ גוטע לופט — ווי מעהר!

יא, אונ פאר ווערעם זאלט איהר עס היטען! —

*

נו — אונ איהר... וואס שטעהט איהר פון ווייטען?.. וואס איז דאס אויפ'ן קאפ? כ'לעבען כ'האב געמיינט ס'א יארמאלקע! איי, וואו איז פאות? ולמאי וואו איז דער טלית־קטן? נו אונ דאס אויפ'ן האלז?! כ'האב געמיינט ס'א קמיע... וואס איז עפיס אזוי פארזאגט? וואס אזוי ביז?

— „וואו זאל מען ניט ביז זיין? וואט טיעביע ציוניזמוס! גע־טראגען געטראגען אונ צעבראכען די שיסעל!"

— געטראגען, געטראגען — א צעבראכענע שיסעל!

— אך — אסטאוויטיע! ס'געהט ניט דעראן! נאר אמביציע!.. איז יענער שוין קלוגער פאר מיר?

נו?

טאק יא דאנאסיעל!

— געמסר'ט — הייסט עס. נו?

— נו!? קיין ליגענד קלייפט זיך ניט, אונ אויסגעטראכטס גלייבט זיך ניט.

נו?

נו!? אספות.. קאנגרעסען.. פערזאמלונגען.. אפלאדיסמענטען.. רעפעראטען — די זאך געהט פארווערטס!.. עס העלפט גאר ניט!

— הא—הא!. נו, חמשה־עשר־פירות ווילט איהר? נאט אייך א פייג!..

וואס קרומט איהר זיך? איך גיב אייך וואס עס קומט אייך... וואס?.. פאסאליעס גאר ווילט איהר?!. וואס איז דאס פאר א פרי? הא צו די וועהלונגען, הייסט עס? איהר ווילט — רבנים שטוהל? נו אונ דעמאלט וועט איהר זיך איבערבעטען מיט די ציוניסטען?

— „טשעסטנאיע סלאווא!"

— אונ דאנאסען?

— ווי מיר שרייבען אויף די אנטי.

— נו כ'וועל זעהען עוסק זיין וועגען דעם. נעמט דערוויייל א פייג אונ מארשיערט פון דאנען!

*

רבנים, דינים, יודישער כבוד, יודישע שווערע קרוין — וואס שטעהט איהר עפיס אזוי ברגז, טרויריג? אפשר — וואס די ארעמע־לייט פריערען צו?

— ארעמע לייט?! פריערען?! מיר ווייסען גאר ניט! ביי אונז אין די שטיבער — ניט צו פערזינדיגען.

— אפשר — וועגען יודישע פרנסות געביך?

— דאס שטעהט ניט, ניט אין אבן־העזר ניט אין חשן־משפט.

— וואס דען?

— אך ס'אפראסט! די נשמות פריערען אויס; די טייכען זע־נען פארקאווערט אונ אז ס'וועלען אויספריערען די טייכען, וועט מען אין א סך שטעדט קיין גט־'ן ניט קענען געבען.

— הא — הא! נו, חמשה־עשר־פירות ווילט איהר? נאט אייך גאלישען! ס'איז גוט אויף סופר'ישע טינט צו מאכען.

*

נו, אונ איהר וואס זענט? — קלייטניקעס? זענט איהר אויך געקומען נאך חמשה־עשר פירות? הא, איהר ווילט די פירות צעשיטען אין אייערע פישקעס אונ נאכדעם — לאחדים פארקויפען?! מיט חמשה־עשר־פירות גאר האנדלען ווילט איהר? געדט אייך! פון אייערט וועגען איז ניט דא קיין פירות...

*

הא? וואס זאגסטו, קבצן? העכער רעד! צי האסט דו היינט ניט געגעסען?! אזוי פיעל קיה היינט געכוילעט, אונ ער האט קיין כח ניט — העכער צו רעדען!

פרנסה, פרנסה!

דאָס, מיין קינד, איז ניט קיין ארץ-ישראל פּרי. ערשט אז משיח וועלען קומען, וועלען וואַקסען פרישע בולקעס אויף די ביימער־דאָרט, די אַדמיניסטראַציע וועט ניט האָבען צו זאָגען דערויף. דערווייל, ווער ס'וויל קיין בעטלער ניט זיין... נאָר שאַ! איך האָב אַ פּלאַן: עס דאַרף זיך פאַרמאַכען ביי איך אַ... ווי רופט איהר עס?... אַיין אָרגאַן. קויף אָב דעם זכות! ס'אַ גוט געשעפט, נאַרעלע! קיין שרייבער'ס צאָהלט מען דאָרט ניט! דער פּרייז — זעהר אַיין אָנשטענדיגער.

*

וואָס — גבירים?! איהר ווילט אויך פּירות? וואָס טויג איך? ס'מאַכט אַ סך שמאַלץ! דערצו שלאָגט עס אָב דעם אַפּעטיט! אפשר בעגערט איהר חריין? ס'אָבער ניט פון די זיבען מינים.. ארץ חטה... שעורה... שאַ! איך האָב איך גאָר געבראַכט אַ בשורה טובה! גערשטען וועט זיין דאָס יאָהר וואָלוועל. חאָטש — די הייף אָנצושיטען!

*

האַ־האַ! חסידימ'לעך קומט אַ הער צו מיר! ווי וואַרים עס ווערד אַ ביסל פון די פריילהליכע בּרויאימ'לעך, עס ברענט נאָך ביי זיי אין האַרץ אַ פונק! אַי, האָב איך איך ליב, חסידימ'לעך, מענשעלעך, יודעלעך! ווי פיינד איך האָב אייער נאַרישקייט, אַזוי ליב האָב איך אייער ערענסטקייט! און ניט געמוטשעט זיך, ניט פון דרשות, ניט פון שיסעל־חשבונות, ניט־פון טיעפע חקירות!... פשוט: בהעלותך את הנרות! דער פלאַם הייבט זיך פון זיך זעלבערט. וואָס? אַ ביסעלע בראַנפען? נישט קשה! איהר מעגט טרינקען! איהר האָט זיך נאָך קיינמאָל פון שכרות ניט געשלאָגען חס־ושלום..

נאָט איך אַ פּלעשעלע יי"ש! פון ארץ ישראל וויין איז עס געמאַכט! נו, לחיים!

וואָס, איהר קלערט איבער פון תרומה, מעשר?

— ניין, נאָר... חשש־נסך!... קאָלאָניסטען!...

— יודישער נסך?! נאַראָנים! וואָס רעדט איהר?!

— יאָ, נאָר... אף על פי כן. אָהן זייער הסכמה...

אַי־אַי־אַי! אַיין עבירה, חלעבען! מיט איך וואָלט מען דאָך יאָ געקאָנט פּיתום מיט רעמסס צעוואָרפען! מויערען אויפשטעלען! וואָס וואָלט מען ניט געקאָנט מיט איך מאַכען! נאָר... אַ נאַרישע עקשנות, חלעבען — אַיין עקשנות!...

נו, בקצור איז — אָהן משקה קענט איהר ניט פריילך זיין?! אַ־נו, אַ רקוד'ל לשם שמים! הענד אויף אַכסלען! אַיין עגול! פאַר־חאַפּט זיי אויך — אַלע "דייטשענעס מיט די שטריימלען" מיט עט אַלע פאַרפרוירענע נשמות! גיט זיי אַ תקון! זייט זיי מצרף! נו, שטאַרקער — שטאַרקער — העכער — העכער! זאָל חאָטש דער הימעל הערען. וקבצנו יחד, יחד, יחד...

נאָט איך, קינדערלעך, ברידערלעך, יודעלעך — נאָט חמשה עשר פּירות. מאַנדלען, שקדים האָב איך איי(ך) געבראַכט! ס'איז פונם מטה אהרן, יענער, וואָס שלינגט שטעקענעס...

וואָס, איהר קענט ניט קנאַקען?! קיין ציין שוין ניט דאָ?! נעביך! וואָס אַלט איז פאַרט ניט יונג... נעמט זשע גיט עס אייערע קינדער... יהודה שטיינבערג.

---

# „חמשה עשר"

(אַ ליעדל פאַר יודישע קינדער)

עסט-זשע, עסט קינדערלעך פייגען און באָקסערען
לכבוד חמשה עשר בשבט!
און בענשט איהם און לויבט איהם דעם טייערען בוימעלע,
און גריסט יעדען צווייג, יעדעם בלאַט.

געדענקט אָבער אויך אָן דאָס לאַנד, אָן דאָס הייליגע,
פון וואַנען די פרוכט קומט אַרויס,
וואו ס'זענען געזעסען דאָרט אונזערע עלטערן
גליקליך און קרעפטיג און גרויס!

דערמאָנט אָן די גליקען די אַלטע אַמאָליגע,
די וואָס מיר האָבען ניט מעהר,
דערמאָנט עס און שענקט ציינד פון אייערע אייגעלעך
אַ ריינע, אַ קינדער'שע טרער...

ח. חלף.

---

# פון אַלסדינג צו ביסלעך.*)

(שמועסען פון אַלערליי וויסענשאַפטליכע ענינים).

פון ד"ר י. ליאָקומאַוויטש.

(פאָרטזעצונג).

האַלטען מיר, הייסט עס, ביים שלונג. נאָר דאָ איז אויך די מעשה נאָך אַלץ ניט אַזוי פשוט, ווי עס ווייזט זיך אויס פונ'ם ערשטען בליק. פּרובט אַ־מיסטען שלינגען בעת איהר האָט גאָר נישט אין מויל: אַ צוויי־דריי מאָל וועט עס איך נאָך ווי עס איז געראָטען, און ווייטער — לאָ, וויפיעל כח איהר זאָלט איך דער ביי ניט אָנטהון. ווייסט איהר אָבער פאַר וואָס דאָס איז אַזוי? ווייל דאָס שלינגען אייגענטליך הענגט ניט אָב פון אונזער ווילען; חוץ אונזער גוטען ווילען מיזען מיר דערצו נאָך האָבען בפירוש וואָס צו שלינגען, אָדער ווי די געלערענטע רופען עס אָן אויף זייער לשון: מיר מיזען האָבען אַיין "אָביעקט" צום שלינגען. כל זמן איהר האָט געהאַט אין מויל לכל הפחות שפּייעכץ, זענט איהר נאָך געווען אימשטאַנד אַ פּאָר מאָל אַ שלונג צו טהון; ווי באַלד אָבער עס איז געוואָרען טרוקען ביי איך אין מויל און ס'האָט מיין ניט געסטאַיעט קיין "אָביעקט" — איז געוואָרען אונמעגליך צו שלינגען.

ווי אַזוי זשע קומט אַראָב דער ביסען סוף כל סוף אין מאָגען אַראָב? — אַליין טהוט זיך עס ניט: דער ביסען פאַלט ניט אַראָב אַליין, אַזוי ווי יעדע זאַך למשל פאַלט בכלל פון דער הויך אַראָב; אַ סימן האָט איהר, אַז מע קאָן טרינקען וואַסער און איבערהויפּט שלינגען אפילו שטעהענדיג מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף. די מעשה, פערשטעהט איהר מיך איז אַזוי: ווען דער ביסען אָדער דער טרונק וואַסער קומט אַריין אין ושט, דעמאָלט הויבען אָן צו אַרבייטען די מוסקעלן, וואָס זענען דאָ אינ'ם ושט און וואָס קענען זיך אויס־ציהען און צוריק זיך צונויפציהען, פונקט למשל ווי גומעלאַסטיק (און דאָס איז טאַקי די הויפּט־מדה פון אַ מוסקעל) און אָט דורך דעם

*) זעהט פאָלקס־צייטונג נומער 8.

ווערד דער ביסען דורכגעשטופט אלין ווייטער און ווייטער, ביז ער דערגרייכט דעם מאגען.

דא וועלען מיר איהם דער ווייל איבערלאזען (מחמת אינ׳ם מאגען מוז ער א בלויז איבערבלייבען א לענגערע צייט) און מיר וועלען אוועק אן א זייט.

אונזער עסענוואַרג בעדאַרף אין זיך האבען דרייערליי הויפּט־זאכען, כדי עס זאל האבען ביכולת אויסצופולען יענע פיער תנאים, וואס איך האב אייך פריהער אויסגערעכענט און צוליב וועלכע מע דאַרף האבען דאס עסען איינגאנצען. די ערשטע הויפּטזאך איז אלבומען. דאס איז אזא מין שטאף, וואס קאן גענליכען ווערען צו ווייסל פון איין איי. מעהר פון אלסדינג קומט אריין אלבומען אין אלערליי פליישען, אין אייער און אין מילך. אין מעהל און בכלל אין מעהליגע זאכען איז דא פערקעהרט גאר ווינציג וואס אלבומען; דער פאר איז דא אין מעהל א סך קראכמעל. די צווייטע נייטיגע הויפּטזאך צום עסען, ווארום פון קראכמעל ווערד סוף כל סוף צוקער; די דריטע הויפּטזאך איז פעט׳ס: שמאלץ, פוטער וכדומה. נאר וויכטיגער פון אלע דריי איז פאר׳ן מענשען פארט דער אלבומען.

נאר איין מילך האט אין זיך אט די אלע דריי הויפּטזאכען, דאס הייסט, אי אלבומען, אי צוקער, אי פעט׳ס אין דער מאס, וויפיעל דער מענש בעדאַרף האבען, און דעריבער טאקי קאן מען אפילו נאר מיט הוילער מילך אויך לעבען און געזונד זיין. והראיה, א זויג־קינד, וואס נעהרט זיך נאר מיט מילך, איז ניט נאר געזונד און לעבעדיג, נאר עס וואכסט נאך און קומט נאך צו אין וואג אויך. — ווען מע זאל אבער וועלען זיך בעגניגען נאר מיט איין אנדער עסענוואַרג, למשל נאר מיט פלייש אדער נאר מיט ברויט אליין, וואלט עס געווען פאר אונז גאר ניט אזוי וואויל. ווארום כדי אונזער מאגען זאל פון הוילען פלייש אליין קאנען ארויס ציהען דאס נייטיגע ביסל צוקער, וואלטען מיר בעדאַרפט אויף עסען יעדעס מאל ניט ווינציגער פון 6 פונט פלייש; איך רעד שוין ניט, אז דערביי וואלט א גוזמא אלבומען נעגאנגען לאיבוד. — צוריק אויך דאס אייגענע, מע וואלט בעדאַרפט אויף עסען מי יודע וויפיעל ברויט, ביז מע וואלט בעקומען דאס נייטיגע ביסל אלבומען, וואס דער גוף פאדערט, און דערביי וואלט מען געמוזט זיך אנשטאפען מיט א מענגע לחלוטין איבעריגען קראכמעל. היינט וואס פאר א מאגען און וואס פאר א קישקעס וואלט א מענש בעדאַרפט דערצו האבען?!...

על כל פנים דאַרף מען געדענקען, אז די בעסטע זאך איז, אז גאט העלפט און מע קאן אויספיהרען אלע דריי זאכען: אי ברוידט, אי פלייש, אי שמאלץ אדער פוטער, און אזוי וואויל איז טאקי דעם נגיד, וואס ער קאן עס אלסדינג האבען, און אז אך און וועה איז דעם קבצן מיט זיין קבצנישער קישקע, וואס ער מוז נעביך זיך בעגניגען מיט פוסטנעם ברויט אדער מיט הוילע קארטאפליעס!...

נאר לאמיר זיך אומקעהרען צו אונזער ביסען, וואס מיר האבען איהם געלאזען ליגען אין מאגען. – איהר האט אלע געקעהרט געוויס הערען ניט איין מאל, ווי מען זאגט, אז דאס עסען ווערד איבערגע־קאכט אינ׳ם מאגען. — וואס זשע הייסט עס אייגענטליך „איבערגע־קאכט ווערען" און צו וואס בעדאַרף מען עס גאר אין גאנצען? אונזערע אדערען, וואס זיי זויגען סוף כל סוף איין דאס עסען־זאפט אין בלוט אריין, קאנען עס אנדערש ניט איינזויגען כל זמן דאס עסענוואַרק בעקומט ניט אזא צושטאנד, ביי וועלכער עס זאל קאנען צעלאזט ווערען אין וואסער. קראכמאל למשל קאן בשום אופן ניט צעלאזט ווערען אין וואסער; דעריבער מוז פון קראכמאל פריהער ווערען צוקער און צוקער קאן שוין יא צעגעהן אין וואסער. מיר האבען שוין געזעהען, אז אט די קונץ הויבט זיך שוין אן אין מויל, דערמיט וואס דער ביסען, וואס ער האט אין זיך קראכמאל, ווערד אויסגעמישט מיט׳ן שפייעכץ. — על כן קאן מען אייגענטליך זאגען, אז דאס „איבער־קאכען" הענגט ניט אב פונ׳ם איינציגען מאגען אליין: עס הויבט זיך שוין אן נאך פריהער א ביסל, אינ׳ם מויל הייסט עס, און לאזט זיך אויס אויך ווייטליך פונ׳ם מאגען, ווארום די געדערעם און בפרט די דינע קישקע, זענען זיך אויך שטארק מתעסק מיט׳ן איבערקאכען אונזער עסען.

(פארטזעצונג קומט).

---

# פריהער און איצטער.

## II.

אין מיטעלאלטער איז דאס רוב מיטגלידער פון דער געזעל־שאפט בעשטאנען פון דארפסלייט.

די הויפּט־חיונה האבען דאמאלס די מענשען געצויגען פון לאנד־ארבייט און האדיוען בהמות. שטעדט זענען געווען זעהר ווייניג און דאס ביסל זענען אויך געווען שוואך ענטוויקעלט, דאס דארפס־לעבען אין יענע צייטען האט זיך אבער געפיהרט אויף איין אנדער אופן ווי היינט, די פויערן האבען נישט געהאט קיין אייגענע נחלות, נישט געווען אייגענטימער פון דער ערד, וועלכע זיי פלעגען בעאר־בייטען, די ערד האט געהערט איינעם א פריץ, און די פויערן האבען זיך גערעכענט זיינע אונטערטהאנען. די פויערן זענען מחויב געווען בעארבייטען די ערד, אבער די תבואות און די איבריגע פראַ־דוקטען פון זייער ארבייט האבען זיי ניט געהאט די רעכטען צו בענוי־צען אהן ערלויבניש פון אדון. די לאגע פון די פויערן איז ניט געווען פיעל בעסער ווי די לאגע פון די שקלאפען. דער פריץ (פעאדאל) האט זיך געמעגט בענוצען ניט נאר מיט דער ערד, נאר אפילו מיט די פויערן אליין, זיי אליין האבען זיך אויך גערעכענט פאר דאס אייגענ־טהום פון פריץ. זיי זענען געווען ביים פריץ כחומר ביד היוצר. האט ער געוואלט, האט ער זיי געגעבען צום לעבען, אז ניט, פלעגט אויך זיין רעכט, קיינער האט דעם פריץ נישט געקאנט זאגען קיין דעות: דער פאקט, אז א פריץ זאל זאגען צום פויער „עשה עמי ואיני זנך" דאס איז טייטש, ארבייטען זאלסט דו און עסען וועסט דו נישט בע־קומען, איז נישט געווען איין איינציגער דאמאלס. דער פויער האט ניט געהאט דאס רעכט צו לעבען, מען האט איהם גאר געהאלטען ווי א בהמה צו דער ארבייט פאר אגעצייג, וואס ניצט אין ווארשטאט. ווען דער פריץ פלעגט געבען זיינע אונטערטהאנען צום לעבען, איז ניט געווען דעריבער, ווייל זיי איז דאס געקומען פאר זייער הארעוואניע, נאר ווייל דאס האבען געפאדערט זיינע אייגענע אינטערעסען, דעם פריץ אליין איז וויכטיג געווען צו האבען שטארקע געזונדע געצייג,

זיי האט מען געגעבען עסען ניט דערפאר, וואס זיי האבען ביז איצט געארבייט, נאר בכדי זיי זאלען קענען ארבייטען ווייטער. די הצטרכות פון די דארפס־לייט זענען געוועזן זעהר קליין און די זעלביגע פלעגען זיי אויך אליין אויסארבייטען און פלעגען נישט דארפען אנקומען צו אנדערע געמיינדעס. ברויט פלעגט מען האבען אייגענע, ליינוואנד פלעגט מען אליין וועבען, און הייזער פלעגט מען אליין בויען, אין אנדערע דערפער איז געוועזן איינגעפיהרט, אז יעדער פויער איז געוועזן א שוסטער, א שניידער, וכדומה. אין אנדערע דערפער פלעגט דער פריץ אליין בעשטימען א טייל פויערן צו פערשידענע מלאכות. א טייל צו לאנד־און פעלד־ארבייט. די אונטערטהענער פון איין פריץ האבען געלעבט אין גאנצען אבגעזונדערט פון די איבעריגע דערפער און פון דער גאנצער וועלט. עס פערשטעהט זיך, אז ביי אזא ארט לעבען האט דער מסחר, וואס בעשעפטיגט זיך נאר מיט'ן קויפען ביים בעשעפער און פערקויפען דעם געברויכער, זיך ניט געקאנט ענטוויקלען. געלד וואס איז נאר נייטיג צום מסחר איז געוועזן זעהר וועניג און די פויערן האבען זיך גאר ניט גענייטיגט אין דעם. עס פלעגען טרעפען, אז די פויערן פלעגען אין זייער גאנצען לעבען ניט זעהען א צורת מטבע.

די שטעדט זענען ניט געוועזן אזוי איינגעארדענט ווי היינטיגע, זיי זענען נאר געוועזן גרעסערע דערפער, און האבען זיך אויסגעצייכענט פון די איבעריגע דערפער נאר מיט דעם, וואס זיי זענען ניט געוועזן אזוי אבהענגיג פון פריץ, אזוי ווי די דערפער. די ערד פון די שטעדט האט אפילו אויך אין אנפאנג געהערט א געוויסען פריץ, וועלכען זיי פלעגען מיזען צאהלען א געוויסען מס פאר דאס רעכט עס צו בעארבייטען. מיט דער צייט אבער האבען זיי די ערד אויסגעקויפט און געווארען אין גאנצען פריי. די פראדוקטען פון דער ערד האבען אלע מאל געהערט די איינוואהנער, אבער ניט דעם פריץ. די איינוואהנער אין די דאזיגע שטעדט זענען אין די ערשטע צייטען געוועזן אמאל לאנד־ארבייטער, אמאל בעלי־מלאכות, זומער פלעגען זיי זיך בעשעפטיגען מיט פעלד־ארבייט — ווינטער מיט מלאכה. דאס אינערליכע לעבען פון די שטאדטישע איינוואהנער האט זיך אין יענער צייט ניט אויסגעצייכענט פון דעם דארפישען לעבען.

די איינציגע מעלה אבער פון די שטעדטישע איינוואהנער — די פאליטישע פרייהייט, זייער אונאבהענגיגקייט, האט מיט דער צייט אין גאנצען איבערגעאנדערשט דענסטמאליגען לעבען און האט שטארק געווירקט אפילו אויף דעם אינערליכען לעבען אין דארף.

דורך דעם, וואס די שטעדטישע זענען געוועזן פריי, אונאבהענגיג, מען פלעגט ניט שטעהן אונטערן רוקען און שטופען צו דער ארבייט, פלעגען זיי זיך טאקי קענען בעסער איבערגעבען צו זייער ארבייט, פלעגען קענען צופאסען בעסערע געצייג און די פראדוקטען גופא פלעגען, ווי עס פערשטעהט זיך, טאקי אויך זיין בעסערע. די שטעדטישע בעלי־מלאכות פלעגען דורך דעם האבען בעסערע בעשטעלונגען, די פריצים פון די דערפער פלעגען אויך בעסער בעשטעלען ארבייט ביי די שטעדטישע בעלי־מלאכות, ווי ביי די דערפישע. דאס האט געוואהנליך אין פיעל ענינים פערבעסערט די מאטריעלישע לאגע פון די שטעדטישע בעלי מלאכות. די מלאכה פאנגט אן צו ווערען אבעסערע בעשעפטיגונג ווי לאנד־ארבייט, לאנד ארבייט ווערד ביי די שטעדטישע מיט דער צייט א טפל און מלאכה איין עיקר. שפעטער האבען די שטעדטישע בעלי מלאכות אין גאנצען אוועק געווארפען לאנד און פעלד־ארבייט (יעדער פלעגט נאר איבערלאזען פאר זיך א קליינעם גארטען אדער א פעלד ארום שטוב, אזוי ווי עס איז נאך עד היום איינגעפיהרט אין די קליינע שטעדטלעך) און האבען זיך אין גאנצען איבערגעגעבען צו דער מלאכה. די דארפישע בעלי מלאכות האבען אויפגעהערט צו עקזיסטירען, ווייל זיי האבען ניט געקאנט קאנקורירען מיט די שטעדטישע. א טייל פון זיי האבען זיך אויסגעקויפט פון די פריצים, און אריבער אין שטאדט, א טייל זענען געבליבען אין דארף אמת'ע אקערבויער. פון דער צייט, וואס דער פריץ האט אנגעהויבען צו קויפען פערשידענע סחורות אין שטאדט, האט ער זיך מעהר גענייטיגט אין געלד און דעריבער האט ער אליין פערלייכטערט די פויערן דאס אויסקויפען זיך. פיעל פריצים פלעגען אין גאנצען אבלאזען זייערע פויערן אין שטאדט פאר א קליינע אבצאהלונג אין ראטעס. האבען זיי די סומע געלד אין גאנצען אויסגעצאהלט זענען זיי געווארען פרייע־לייט. די בעהאנדלונג אין דארף גופא איז אויך געווארען מענשליכער און ווייכער. אין פערלויף פון איניגע הונדערט יאהר זענען די פויערן געווארען אין גאנצען פריי, טייל האבען זיך אליין אויסגעקויפט, טייל האט דער פריץ אומזוסט בעפרייט, ווייל די נייע צייט האט שוין ניט צוגעלאזען אזוינע עולות ווי שקלאפעריי. ענדע 16-טען יאהר־הונדערט זענען שוין אין איראפא אלע פויערן בעפרייט געווארען.

ווי מיר האבען פריהער געזאגט האט זיך די גאנצע געזעלשאפטליכע ארבייט צעטיילט צווישען דארף און שטאדט, די דארפישע איינוואהנער האבען זיך בעשעפטיגט נאר מיט פעלד און לאנד ארבייט, די שטעדטישע — מיט מלאכה; אויף אזא אופן זענען זיי שוין געווארען אבהענגיג איינער פון צווייטען. די שטאדט האט געמוזט ציהען אירע נייטיגע לעבענס־מיטלען פון דארף, און די דארפס־לייט האבען ווידער געמוזט אנקומען צו די שטעדטישע בעלי־מלאכות. אזא סדר האט געפאדערט פערמיטלער צווישען שטאדט און דארף. עס האבען געמוזט זיין סוחרים, וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט ספעציעל מיט דעם, וואס זיי פלעגען קויפען ביי די בעשעפער (אקערבויער און בעל מלאכה) און פערקויפען דעם געברויכער, און וואס ווייטער די שטאדט האט זיך אבגעטיילט פון דארף האט זיך דער מסחר אלץ מעהר ענטוויקעלט און די צאהל סוחרים איז געווארען גרעסער.

מיר מיזען בעמערקען, אז דאס וואס מיר זאגען, אז סוחרים זענען ערשט געווארען, ווען עס האט זיך אבגעטיילט די שטאדט פון דארף, מיינען מיר דאס ניט לחלוטין, דען באמת זענען פריהער געוועזן סוחרים נאך איידער עס האט זיך ענטוויקעלט די היינטיגע שטאדט. אפילו אין די גאר ערשטע צייטען פלעגט דער פריץ נאר ציהען פון דארף די געוואהנליכע מיטלען. לוקסוס־זאכען פלעגט ער דארפען סאי ווי סאי קויפען ביי אנדערע, און אזוי ווי ער האט ניט געקאנט אויספיהרען צו קויפען גלייך ביים בעשעפער פון די לוקסוס זאכען, האט ער געמוזט אנקומען צום פערמיטלער, צום סוחר.

די צאהל אבער פון אזוינע פערמיטלער איז געווען זעהר א קליינע און זיי האבען ניט געהאט קיין שום ווירקונג אויף דעם חברה׳שען לעבען. ערשט דענסטמאל, ווען דער מסחר איז געווארען א הכרח, זענען זיי געווארען א קראפט, אהן וועלכער קיין מענש פון דער געזעלשאפט האט ניט געקאנט עקסיסטירען. און אזא קראפט האט דער קלאס סוחרים בעקומען נאר דענסטמאל, ווען די שטאדט האט זיך אין גאנצען אבגעטיילט פון דארף, ווען אלע דארפסלייט האבען געמוזט אנקומען צו די שטאדט און די שטאדט-לייט צום דארף. אמעריקא, וואס איז ענטדעקט געווארען ענדע ה־טען יאהרהונדערט, האט אויך געהאט זעהר א גרויסע ווירקונג. אויף דער ענטוויקלונג פון מלאכה און מסחר אין פיעלע מדינות. אמעריקא האט געעפענט נייע מערק פאר אייראפעאישע סחורות, און זי פון איהר זייט פלעגט שטיצען אייראפא מיט איהרע פראדוקטען. די בעלי־מלאכות, וועלכע פלעגען פריהער ארבייטען בעשטעלונגען פאר די איינוואהנער פון די נאהענטע שטעדט און דערפער האבען אנגעהויבען צו ארבייטען פאר די ווייטע אמעריקאנישע מערק. דורך דעם איז די מלאכה זעהר פערגרעסערט און אויסגעבעסערט געווארען. דער מסחר האט זיך נאך מעהר ענטוויקעלט אין יענע צייטען. ער האט זיך שוין נישט בעגניגט מיט די ארומיגע שטעדט. דער מסחר האט פעראייניגט מענשען פון פערשידענע לענדער און שטעדט. דאס האט נאך מעהר פערשטארקט די זעלבסטשטענדיגקייט פון די בעלי־מלאכות און סוחרים. די סוחרים זענען געווארען א קלאס, וועלכע מען האט שוין נישט געקאנט אוועק מאכען מיט דער האנד.

אט דאס זענען די יסודות, וועלכע האבען צוזאמענגעשטעלט דעם דאמאלסטדיגען געזעלשאפטליכען קערפער.

דאס דארף איז בעשטאנען פון א סך פויערן—לאנד ארבייטער, איבער וועלכע עס האט געהערשט דער פריץ מיט זיינע העלפער. די שטאדט איז בעשטאנען פון פרייע זעלבסטשטענדיגע בעלי־מלאכות און פון קליינע סוחרימ׳לעך, וועלכע האבען געלעבט נאר פון דעם, וואס זיי פלעגען קויפען ביים בעשעפער און פערקויפען דעם גע־ברויכער. אויסער דעם זענען געווען מענשען, וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט מיט׳ן פאליטישען לעבען פון דעם לאנד (די רעגירונג און ציגאווניקעס).

צווישען די פערשידענע קלאסען איז פארגעקומען א שטענדיגע מלחמה פאר׳ן קיום און איבער דער ממשלה אין דער געזעלשאפט. די פויערן האבען געשטריטען מיט די פריצים פאר זייער אומאבהענגיגקייט, די שטאדט־לייט האבען געשטריטען צווישען זיך איבער דער ממשלה. אין די ערשטע צייט פון דעם פעריאד, וועלכע מיר בע־האנדלען, האבען די אויבערהאנד אין דער געזעלשאפט געהאט די פריצים. וואס ווייטער ווערד אבער זייער מאכט שוואכער. די פויערן ווערען וואס ווייטער אלץ מעהר פריי. די סוחרים און די בעלי־מלאכות זענען שוין אויך געווארען א מאכט און האבען געהאט א ווירקונג אין דער מלוכה. נאר בכלל האבען אין יענע צייט געהערשט די פריצים. די מלוכה איז געלעגען ביי זיי אין די הענד.

די שטאדט־לייט האבען געלעבט צווישען זיך בשלום, ווייל זיי האבען כמעט געהאט די אייגענע אינטערעסען. אויסערדעם האט טאקי זייער מאטעריעלישער לעבען גופא געפאדערט זייער אחדות. בכדי זיך צו בעשיצען פון אנדערע קאנקורענטען האבען זיי געמאכט יד אחת (צעכען). דאס האט זייער פריינדשאפט נאך מעהר פער־שטארקט. יעדער בעל־מלאכה האט געהאט זיינע קונדען פאר וועמען ער פלעגט ארבייטען. ארבייט פלעגט ער געוועהנליך האבען שטענדיג. אין צווייטענס גבולים פלעגט ער ניט קריכען. ניט ער האט געהאט אזוי פיעל צייט, און די הצטרכות זענען אויך ניט געווען אזעלכע גרויסע, ער זאל דארפען זיין א משיג גבול. די סוחרים פלעגען אויך ניט דארפען קריכען אין צווייטענס פרנסות, יעדערער האט געהאט זיין פלאץ און זיינע געוויסע סחורות, מיט וועלכע ער פלעגט האנדלען. קיין גרויסער חלוק איז ניט געווען צווישען יענע מענשען. אלע זענען געשטאנען כמעט אויף איין שטאנד. יעדערער האט געלעבט פון זיין אייגענע יגיע כפו. א געזונדער און א פעהיגער מענש פלעגט אביסל מעהר פערדיענען, א שוואכערער—ווייניגער, בכלל אבער זענען אלע בעלי־מלאכות געשטאנען אויף איין מצב.

די פענאנדערטיילונג אויף די דאזיגע קלאסען אין די ממשלה פון די פריצים האט עקסיסטירט איינינגע הונדערט יאהר. אין דעם גאנצען משך צייט האט זיך די געזעלשאפט געפיהרט לויט דעם דאזיגעי סדר.

(ענדע קומט).

א. ש. זאקס.

---

## ליטעראטור און קונסט

— אין פאריז האט מען אויסגעשטעלט צום פערקויפען 300 בריף און 250 שירים פון דעם יודיש־דייטשען דיכטער היינריך היינע. דער פערקויפער פערלאנגט דערפאר 30,000 פראנק.

— פערלאג „פראגרעס" איןווארשא האט ארויסגעגעבען נארקי׳ס „חברים" איבערזעצט דורך ד״ר א. מאראקאוו.

— די בוכהאנדלונג יצחק פונק אין ווילנא האט אבגעדרוקט א נייע אויסגאבע פון מ. ספעקטאר׳ס ערצעהלונג „קאליקעס".

---

## יודישע פרויענוועלט

### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין קאנאדא (אמעריקא) זענען דא 70 פרויען, וואס האבען דאמפשיפען און 56—זעגעל־שיפען. אויך אין אייראפא געפינען זיך פרויען וואס ארבייטען אויף שיפען. אין בריסטאל (ענגלאנד) דיענט א יונג מיידעל אלס מאטראז. אויף א דאמפשיף, וועלכעס געהט פון אלעקסאנדרעטא קיין פילאדעלפיא, זענען אלע שיפס־לייט א חוץ דעם קאפיטאן, פרויען. דער פראנצויזישער מארינען־מיניסטער האט ערלויבט 65 פרויען צו זיין מאטראזען אויף פישער־שיפלעך. די פרויען־מאטראזען בע־קומען די איינענע געצאהלט ווי די מאנסלייט.

— אין ווארשא האט זיך נישט לאנג געעפענט דורך די חברה, וואס זארגט פאר פרויען, איין אינסטיטוט. אין דעם דאזיגען אינסטיטוט גע־פינען זיך 8 צימערן, וואו עס איז דא ארבייט פאר 20 פרויען.

### II. יודישע נייעס.

— אין דער גרויסער דייטשער רבנישער אספה איז בעשלאסען געווארען, מען זאל שיקען איין אויפרוף צו אלע רבנים און פארשטע־

הער אין גאליציע, וואו דער שענדליכער האנדעל איז שטארק פער־בּרייטעט, זיי זאלען זוכען מיטלען ווי דעם דאזיגען האנדעל צו שטע־רען. דער קאמיטעט האט די צייטען צעשיקט דעם אויפרוף אונ ד"ר ראזענאק אויס ברעמען איז קירצליך געפאהרען אין גאליציע צוליב דעם.

## דאס פאמיליען־לעבען ביי די ווילדע.

ביי דער וועלט איז אנגענומען, אז דער ווילדער מענש איז זיך נישט שטארק מצער וועגען זיין פרוי אונ קינדער, אז עס ארט איהם נישט זעהר וועגען זיי; ווען מען זאל פערגלייכען דעם ווילדען, נישט אויסגעבילדעטען מענשען מיט אונזערע ציוויליזירטע מענשען, קאן מען זאגען, אז דאס איז טאקי באמת אזוי. נאר אמת אין גאנצען איז עס פארט נישט, די געוועהנליכע התחיבות פון מאן צום ווייב אונ צו די קינדער ווייסט אונ טהוט אויך דער ווילדער.

ביי די אינדיאנער פון צפון־אמעריקא האלט מען פאר א חרפה, אז דער מאנסבילד האלט מעהר ווייבער וויפיעל ער קאן מפרנס זיין. ביי דעם פ א ט ו א י נ י ש ע ן שבט, וועלכער לעבט אין קאליפארניע אונ שטעהט אויף א זעהר נידריגע מדרגה אין דער קולטור, איז דא א געזעץ, אז דער מאן מוז פערזארגען דאס ווייב מיט אלע הצטרכות שטארקער אפילו ווי ביי אונז. ביי די איראקעזען האט דער מאן גע־מוזט אויסבויען פאר די ווייב א געצעלט אונ עס בעדעקען מיט ראַ־גאזשעס. די רויב וואס ער האט אויף דער יאגד געהאפט האט דאס ערשטע יאהר נאך דער חתונה געהערט, לויט דאס געזעץ, צו דער פרוי, דערנאך האט מען עס צעטיילט אויף גלייכע חלקים צווישען זיך. אפילו ווען די פרוי איז נישט מיטגעגאנגען מיט דעם מאן אויף דער יאגד, ווען זי איז די גאנצע צייט געבליבען אין דארף, האט זי אויך בעקומען איהר חלק. ביי די ק א ר ו ס ע ן, וואס וואהנען אין דרום־אמעריקא, איז איינגעפיהרט, אז באלד ווי דער מאנסבילד האט חתונה טיילט ער זיך אב פון דער גאנצער משפחה אונ ווערד א פאמיליע פאר זיך אונ ארבייט בלויס פאר זיין אייגענע פאמיליע. ביי די פייער־לענדער איז איינגעפיהרט, אז ווי נאר דער מאנסבילד איז אים שטאנד מפרנס צו זיין א ווייב מיט קינדער, צי דורך פיש חאפען, צי דורך יאגד, בעט ער ביי זיינע עלטערן רשות חתונה צו האבען. ביי די באטאקודען, זעהר א ווילדער שבט, איז דער מנהג, אז מען מאכט די טעכטער חתונה נאך גאר יונג, אזוי יונג, אז זיי קענען נאך גאר נישט געבארען קיין קינדער, אונ זיי זענען, אפילו נאך דער חתונה, ביים פאטער ביז זיי וואכסען אויס, נאר חיונה מוז איהר געבען די גאנצע צייט, וואס זי איז ביים פאטער, דער מאן, פאר וועמען זי האט חתונה געהאט. די קווינסלענדער ווילדע האלטען נישט שטארק פון די על־טערנס התחיבות צו די קינדער, אבער ביי די קורנאיען פון דרום אויסטראליע מוז דער מאנסבילד אויסהאלטען די פאמיליע אונ די פרוי מוז איהם דערינגען העלפען. ער מוז גהען אויף דער יאגד אונ בעקומען פאר די פאמיליע וואס צו עסען, אונ אמאל אז מען דארף, אויך געהן פאר די פאמיליע מלחמה האלטען. א קורנאיער האט זיך פאר איין אייראפעאישען רייזענדען אויסגעדרוקט וועגען זיינע התחיבות פאר די פאמיליע מיט דעם לשון: ער געהט אויף דער יאגד, חאפט פיש, האלט מלחמה אונ בענקט נאך ווייב אונ קינדער.

ביי די מענשענפרעסער פון ניי־אירלאנד אונ בריטאניע מיזען די בעאמטע השגחה געבען, אז די פאמיליען פון די סאלדאטען זאלען זיך פיהרען ארענטליך. ביי די איינוואהנער פון דעם אינזעל ט א נ ג א רעכענט זיך פאר איין אשת איש נאר די פרוי, וואס לעבט מיט דעם מאן אין איין הויז אונ איז אונטער זיין שוץ אונ השגחה; ביי די איינוואהנער פון דעם אינזעל סאמאא, רעכענט זיך די פרוי נישט פאר קיין חתונה־געהאטע ווי לאנג ער נעמט איהר נישט אריין ביי זיך אין שטוב חאטש זי האט פון איהם פאר דעם שוין געהאט קינדער. ביי דעם מאארישען שבט איז די פרוי בעשאפען: צו געבארען אונ פער־מעהרען; דער מאן — צו בעשיצען די בעל־הבתישקייט. ביי די איינוואהנער פון די אינזלען ר א ד א ן, מוז דער פאטער צונעמען אפילו די קינדער פון פאר דער חתונה, ווען זיי האבען שוין אן אליין געהן.

"יענגע קוקט". וו. דאנעמאן.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג "פאלקסבילדונג".

---



Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau

## נדבות.

דורך דער אדמיניסטראציאן פון דער "יודישער פאלקס-ציימונג" אין קראקוי: ה' פיינער מפר'עדבאיז 50 קאפ. עבור נאציאנאל פאנד.

---



---



---



---



---



---



---

## קונעראל כשר על חג הפסח

איין ריינעס ניססענשמאלץ ועהר נעזונד פיר מאגענליידענדע. גוט צום קאכען און באקען פע־שיעדענע שפייזען. הארטע קאקוסבוטטער, אויך אללע ארטיקלען פיר שאקאלאדעפאבריקען.

הכשרים פון ווארשויער רבנים.

הויפטפערקויף אין ווארשא, דזיקא 36

בייא. מ. קאשער. 15 10

11 4

---

## ד"ר מ. פינקעלקרויט

ווארשא, קארמעליצקא 23

היילט האלז-, נאזע- און אויערען-קראנקהייטען.

היילט אויך שטאטערנדע (וועלכע זאאיקען זיך ביים ריידען). (121) 9—10

---

## „אגאטאל"-גורסקי, ווארשא. לעשנא № 4

דאס בעסטע מיטעל צום רייניגען די צאהנער,

פערהיטעט זיי פון פוילען און וויטוג אין בלעכענע שעכטיל צום פרייז

(125) 20 קאפ' און 30 קאפ'. פארדערן איבעראל. 5—5

---

## דרוקעריי עט ליטאגראפיע

# ש. בעלכאטאווסקי, פעטראקאוו.

**(געגרינדעט אין 1860 יאהר)**

מיר גלויבען אז מיר פערשפארען צו לויבען און רעקלאמירען אונזער דרוקעריי, וועלכע עקסעסטירט שאן מעהר ווי 40 יאהר, און האט זיך א גוטען נאמען געשאפט. די פיעל ווערקע וועלכע זענען געדרוקט געווארען אין אונזער דרוק אין דעם משך פון די 40 יאהר — זענען די בעסטע עדות דערויף. מיר מאכען נור אויפמערקזאם, אז מיר האבען די לעצטע צייט פיעל נייע סארטען שריפט און פערצירונגען איינגעשאפט, כדי צו פערפיינערען די ארבייטען נאך די לעצטע מאדע. מיר נעמען אן צו דרוקען ביכער, העברעאישע, פלפול ספרים, זשארגאנישע, רוסישע, דייטשע, פראנצויזישע וכו'; אויך נעמען מיר אן צו דרוקען אלערליי עטיקעטען, פרייז־קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, פאסט־פאפיער, קוויטאריושען, וויזיט־קארטען וכו'.

אויך געפינט זיך שטענדיג אויפ'ן לאגער קארמעלקעס עטיקעטע.
אלעס ווערד פיין און שנעל אויסגעפיהרט, צו זעהר ביליגע פרייזען
פעטראקאוו איזט ביי ווארשא, רייזע קאסטען נור 1.96 רובל.

(123) אדרעסע: 14—8

Въ Контору паровой типо-литографіи

**Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

## פארזיכטיג!

דאס איינציגסטע מיטעל צו א ברוך איז נאר ברוכבענדער וועלכע האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד גענצליך אויסצוהיילען איז אונמעגליך.

(135) 50—4

זאלכע פערפערטיגט די פירמא

## Д. Мошковскій, Варшава

Налевки № 37

וועלכע איז בעעהרט ווארדען מיט מע־דאילע פון דאקטארסקע אויסשטעלונג

37 צו בעאבאכטען דעם נומער 37

---

## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען

ד. באראדאווסקי ווארשא, לעשנא № 9 וואהנ. 4

אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען אין 24 שטונדען.

2—25 147

---

## איין גליק פיר בעלי מלאכות

ווען זיי וועלען איינפיהרען ביי זיך צו דער ארבייט די נייעסטע סיס־טעמע מאשינען און אפאראטען פון היינטיגער צייט, די מאשינען שפארען איין פיעל צייט, געלד און געזונד מיט פרייזען, בעשרייבונגען און אלעס מעגליכע בין איך בערייט צו דיענען יעדען איינציגען אויף דאס ערשטע פערלאנגען.

(150) 4—2

**С. Е. Левинъ, Варшава, Налевки 33, во дворѣ.**

Складъ ремесленныхъ машинъ и принадлежностей.

---

# נייטיג פאר יעדען!

# וויכטיג פאר אלעמען!

— וואס איז אייער טהועכץ? אייער פרנסה? איהר זענט א סוחר? א הענדלער? א קרעמער? א לעהרער? א בעל־מלאכה? וויפיעל פארדיענט איהר א חודש? ... נאר וויפיעל איהר זאלט ניט פארדיענען, קאנט איהר דאך אבשפארען עטליכע פרוטות א טאג, פארזארגען אייערע ווייב און קינדער אויף נאכ'ן טוידט; טאמער שטארבט איהר חלילה פאר דער צייט וועלען אייערע קינדער נישט בלייבען אויפ'ן אנדערען טאג אהן ברויט, אייער אלמנה וועט מען נישט דארפען געהן מאכען איבער דער שטאדט קיין נדבות, אייער טאכטער וועט האבען מיט וואס צו געהן צו דער חופה. און טאקי איהר אליין, איהר מעגט אייך לעבען ביז 120 יאהר, קאנט אייך באווארענען אויף דער עלטער מיט א קאפיטאל פון מזומנ'ע קערבלעך. דאס קאנט איהר אויספיהרען נאר דאן ווען איהר פארסטראכירט אייער לעבען, און בכדי צו פערגרינגערען אייך די זאך האט די נייע אסעקוראנץ־געזעלשאפט

**Высочайше утвержденное**

# Генеральное Общество Страхованій жизни

**и пожизненныхъ доходовъ**

אויסגעארבייט פון אייערטוועגען פריווילעגיעס, וואס קיין געזעלשאפט האט זיי נישט:

א) איהר קאנט אייער פרעמיע צאהלען אלע חודש. — ב) איהר צאהלט נישט פאר קיין פאלים און עס קאסט אייך ניט קיין שום הוצאות. — ג) לגאטע אויף צו צאהלען פרעמיע נאכ'ן זמן, האט איהר דריי חדשים. — ד) האט איהר איינגעצאהלט דריי יאהר קאנט איהר נאכדעם אויפהערען צאהלען פון צוויי ביז דרייצעהן יאהר און איהר זענט אלץ פארסטראכירט (ненарушимость). — ה) געהט איבער דאס ערשטע יאהר איז אייער פאלים באווארענט פון לאדעניש און פון אלסדינג, עס מעג זיין וואס ס'וויל (неоспоримость). — ו) נאך די ערשטע דריי יאהר קאנט איהר מאכען מיט אייער פאלים וואס איהר ווילט, אדער אויפהערען צאהלען פרעמיע און ארויסנעמען איין איינגעצאהלטען פאלים אדער אויסלייהען אויפ'ן פאלים געלד אויף 6% לשנה, וכדומה פארשיעדענע קאמבינאציעס. — ז) אייער קאפיטאל ווערד ארויסגעצאהלט גיך אהן א שום עכוב, און נאר אייך אדער אייערע יורשים; קיין שום ארעסט און קיין שום חוב אויף אייער קאפיטאל ווערד ניט אנגענומען.

אגענטען ווערען געזוכט אומעדום. — ביכלעך, טאריפען, בלאנקען ווערען ארויסגעשיקט איטליכען אומזוסט.

זיך ווענדען צום:

Управляющій Агентствами Генеральнаго О-ва Страхованій жизни М. Л. ЕВЗЕРОВЪ, ОДЕССА.

די פראווליענע פון דער געזעלשאפט איז אין:

10 10 С.-Петербургъ, Невскій 23. (82)

---

## ביליג און פראקטיש

לערען איך דורך בריעף ופא"פ גיך און גוט מאכען אלע סארטען זייף טאאלעטנע וכשרה, וועש-סאדע, חימיטשעסקע פאקאסט, עהל צום פארבען א 2 ר' א פוד' הדבר חדש. שוה-וואקס, וואגען שמירע, סאפאזשנע מאפע צום ווייך מאכען לעדער, דיקען וואזעלין, סאבאנאפט. על תום דרכי בזה שאני מורה להועיל פא"פ וע"י מכתבים ראה עדות הרבנים דפה ומתלמידי ב„הצפירה" № 124 272 שנת 1900—וב„המליץ" № 177. ראה בוואסהאד 26-27 № ש"ז, גם זוך איך א שותף צו פאברעצירען אלעס הנ"ל אפילו חוץ לתחום מב"י. לתשובה א מארקע בת שבע.

אדרעססע: Мыловаръ. Іосифъ Янкелевичъ, г. Дубоссары Херс. губ. сор. д.

153 1—1